# דאס יודישע ווארט

## DAS JÜDISCHE WORT.

צייטשריפט פיר ליטעראטור, וויססענשאפט, קריטיק און געזעללשאפטליכען לעבען.

ערשיינט וואכענטליך אין קראקוי. הערויסגעבער: אברהם רייזען.

Krakau, 28 Februar 1905. ~~~ ערשטער יאהרגאנג. ~~~ קראקוי, כ״ג אדר א׳ תרס״ה.

נומער 9.


### אינהאלט:

נאר וואס עס איז ערשיענען פון דרוק

א נייע זאמלונג

# ליעדער פון לעבען

פון

## אברהם רייזען.

ענטהאלט 100 זייטען, פראכטפאל געדרוקט, מיט'ן בילד פון דעם אויטאר.

פרייז 50 קאפ.

די וואס וועלען אבאנירען

## „דאָס יודישע וואָרט"

ביז ו־טען אפריל ניט ווייניגער ווי אויף א האלב יאהר

בעקומען דאס ווערק אומזיסט.

אויסער דעם בעקומען זיי

די אלע אויסגאבען פון פערלאג „פראגרעס",

וואס בעטרעפען 6 רובל, פיר א העלפט פונ'ם פרייז — פיר 3 רובל.

הויפטפערטרעטער פיר „דאס יודישע ווארט" פיר גאנץ רוסלאנד און פוילען:

פערלאג „פראגרעס"

אדרעס:

Книгоиздательство „ПРОГРЕССЪ" Варшава.

I. Jahrgang. DAS JUDISCHE WORT. Nr 9.

דער פרייז פיר רוסלאַנד:
גאַנץ יעהרליך 3.50 רובל.
האַלב יעהרליך 1.75 „
פיערטעל יעהרליך 90 קאָפּ.
מאָנאַטליך 30 „

איינצעלנע נומערן 8 קאָפּ.
20 העללער.

ענדערן די אַדרעס קאָסט 20 קאָפּ,

די אַדרעסע פיר רוסלאַנד:
Издательство
„ПРОГРЕССЪ“
Варшва, Налевки 32.

# דאס יודישע וואָרט

ציישריפט פיר ליטעראטור, וויססענשאפט, קריטיק און געזעללשאפטליכען לעבען. - - -

ערשיינט וואכענטליך אין קראקוי.

הערויסגעבער: אברהם רייזען.

אַבאָנאָמענטס פרייז יאֶהרליך:
אֶסטרייך-אונגאַרן —.8 קראָנען.
האַלב-יאֶהרליך —.4 „
פירטעל-יאֶהרליך —.2 „
דייטשלאַנד —.8 מאַרק.
ארץ ישראל —.10 פראַנק.
אַנדערע לענדער —.15 „
אַמעריקא ענגלאַנד —.10 שילינג

פרייז פון אַנאָנסען:
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

די אַדרעסע פיר עסטר.-אונגאַרן
און אַנדערע לענדער:
Red. und Adm. „Das Jüdische Wort“, Krakau
Alte Weichselgasse 27.

Krakau, 28 Februar 1905. נומר 9. קראקוי, כ"ג אדר א' תרס"ה.

## דער אָרגאַן פון „כל ישראל“.

### אין פראַנקרייך.

---

אין דער רשימה פון די היגע צייטונגען איז פאַראַן אַ וואכענטליך בלאַט, וואָס רופט זיך: „לעז אַרשיוו איזראַעליט“. נאָך'ן נאָמען נאָך זעהט מען, אַז דאָס איז אַ יודישע צייטונג, פאַר יודישע אינטערעסען. אַ בליק געבענדיג אויף'ן קעפּעל ווערט מען געוואָהר, אַז זי איז, קיין עין הרע, אַ יודענע אין יאָהרען — אריבער די פופציג; און אַז מען גיט אַ קוק אינעווייניג, דוכט זיך אויס, אַז מען האָט נאָך פון ריכטיגען עלטער איהרען אַראָבגעגנב'עט אַ שעהן ביסעל יאָהרען... גרויס איז זי ווי אַ כפול-שמונה'דיגער גענעץ, מחילה — אַכט קליינע עמודים-לאַך, און קאָסטען קאָסט זי כמעט אַזויפיעל, וויפיעל אַ פראַנצויזישער מאָנאַטליכער זשורנאַל: גאַנצע פופציג סאַנטים.

אַז איך וועל נאָך צולייגען, אַז דאָס איז די הויפּט-צייטונג פון די פראַנצויזישע יודען, דער אָרגאַן פון יודישען שטריימעלטהום אין פראַנקרייך — האָב איך זי אייך פאָרגעשטעלט מיט אַלע פרימעטען, און יוצא.

געהט עס זיך אַרויס, דאָס בלעטעלע, יעדען ליעבען דאָנערסטאָג פאַרנאַכט. אויף דער גאַס, אין די קיאָסקען, זעהט מען עס ניט. אין די פלעצער, וואו עס פערקויפען זיך אַלע צייטונגען און זשורנאַלען ניט בלויז פון פאַריז אליין, נאָר אויך פון אַלע גרויסע שטעדט אין אייראָפּאַ — ווייסט מען דערפון ניט. אָט אפנים דאָס האַלבע יאָהרהונדערט, וואָס דאָס צייטונג'ל טראָגט אויף'ן רוקען, האָט די אַרויסגעבער אויסגעלערנט ניט אַרויסוואַרפען קיין אומזיסטע אַרבייט... „לעז אַרשיוו איזראַעליט“ האָט סאַמע אַבאָנענטען, צו וועמען דאָס בלאַט ווערט צוגעשיקט אַהיים. אַז די צאָהל פון די דאָזיגע אַבאָנענטען איז ניט זעהר גרויס, קען מען זעהן פון'ם טהייערן פרייז, וואָס די סחורה קאָסט: 20 פראַנק אַ יאָהר. אָט אויף אַזאַ אופן שלאָגט מען זיך אויס די הוצאות. טאָמער פעהלט עפּעס אויס צום חשבון, דערלייגט די קהילה מן הסתם פון איהר קאַסע. ס'איז דאָך פאָרט איהר אָרגאַן...

האָבען האָט דאָס בלעטעל אַ רעדאַקטאָר, אַ דירעקטאָר און שרייבער, ווי די היינטיגע מאָדע איז. און יעדער איינער פון זיי פערטהיידיגט די „יודישע אינטערעסען“ ווי ער פערשטעהט. און פערשטעהן פערשטעהען זיי אַלע ווי איינער, אויף איין שטייגער, אַפנים מחמת דעם, וואָס די אַבאָנענטען זייערע לייענען אַלע ווי איינער, אויף איין שטייגער...

אויף'ן קעפּעל שטעהט: „אַ וואכענטליך, פאָליטיש און רעליגיעז בלאַט“.

דהיינו וואָס איז אַזוינס „פאָליטיש“?

מען האַלט, למשל, מיט'ן פאָליטישען „סדר“ ביי „יחץ“ — ביים אָבטהיילען די קירכען פון דער מלוכה, זינגט דער רעדאַקטאָר פון „אַרשיוו איזראַעליט“ אַזאַ מזמור:

דו, קאָמב, ווילסט אָבטהיילען דעם גלויבען פון שטאַאַט, נאָך וואָס טויג עס דיר? וואָס דערלייגסט דו, אַז זיי זענען פערבונדען אין איינעם? אַחוץ דעם, וואו איז דער יושר דערפון? ווילסט טרייבען מאָנאַכען און מאָנאַשקעס, טרייב! ווילסט צומאַכען אַלע קאַטוילישע שולען אין פראַנקרייך, מאַך צו! אָבער וואָס האָסט דו זיך צוגעטשעפעט צו די אמונות און ווילסט ביי זיי צונעהמען זייער שפע?...

איי וואָס, ביסט ברוגז אויף די קאַטאָליקען און ווילסט זיך מיט זיי אָברעכענען, שלאָג זיך קאָפּ אָן וואַנד מיט זיי איינאיינעם. אָבער גזלן, וואָס האָסט דו צו אונז, יודען, צו אונזערע רבנים, די שטילינקע, גוטינקע רבנים'לאַך אונזערע, וואָס מישען זיך ניט אין פאָליטיק און היטען זייער שטיקעל ברויט?...

דאָס וואָרט „רעליגיעז“, ווידער, לאָזט זיך דאָ שווער פערטייטשען. פראַנקרייך איז ניט גאַליציען, און דער „שלחן ערוך“ איז דאָ ווייניג וואָס אין מאָדע... פונדעסטוועגען וואָלטען די פראַנצויזישע ראַבינערס געמענט זיין אַ העלפט אַזוי פרום ווי „אַרשיוו איזראַעליט“ ווינשט דעם יודישען עולם צו זיין...

---

דאָ ניט לאַנג האָט זיך דאָס בלעטעל צעוויינט אויף די צולאָזענקייט פון דער היגער יודישער יוגענד. „דאָס האַרץ טהוט וועה, זעהענדיג ווי אונזערע יונגע לייט ווערען אָבגעריסען פון דער יודישער רעליגיאָן, פון אונזערע טראַדיציעס, פון אונזער הייליגער תורה“, אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען דאָס קלאָג-ליעד. מילא בכן, טהוט דאָס האַרץ וועה, אָבער דער קאָפּ איז דאָך געזונד ווי אייזען. און דער קאָפּ זוכט און געפינט אויס דעם מקור פון דער צרה. „די סבה פון די הפקרות, שרייבט דער רעדאַקטאָר פון „אַרשיוו איזראַעליט“, ליגט דעריין, וואָס אונזער יוגענד איז אונוויסענד, וואָס זי קען ניט די געשיכטע פון יודישען פאָלק, אונזער פערגאַנגענהייט, אונזערע גלענצענדע אַזוי ווי די פינסטערע טעג, וואָס מיר האָבען דורכגעלעבט“.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס: אַז די געשיכטע פון יודישען פאָלק, די יודישע פערגאַנגענהייט, איז אַ סגולה צו פרומקייט, און אַז דער פרייער געדאַנק קען נאָר אַריינדרינגען אין פינסטערע, אונוויסענדע מוחות, וואָס האָבען קיין בעגריף ניט פון יודישער היסטאָריע.

ס'איז לעכערליך צו ווידערלייגען אַזאַ נאַרישען ליגען. דאָס רוב יודישע פֿריידענקער זענען געקומען צו זייערע פֿרייע געדאַנקען נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך בעקענט מיט דער געשיכטע פֿון יודישען פֿאָלק, און די גרויסע, גראָע יודישע מאַסע, וואָס געהט נאָך דערווייל בלינדערהייט נאָך איהרע רעליגיעזע וועג־ווייזער, האָט קיין שום השגה ניט פֿון דער יודישער פֿערגאַנגענהייט, פֿון „אונזערע גלענצענדע, אַזוי ווי די פֿינסטערע טעג, וואָס מיר האָבען דורכגעלעבט". איך וואָלט דאָ געקענט אויסרעכע־נען אַ גאַנצען צעטעל פֿון יודישע פֿריידענקער, וואָס האָבען געלעבט און לעבען נאָך איצט אין פֿראַנקרייך, און וועלכע האָבען טאַקי פֿון דער יודישער געשיכטע גופא געשעפּט די פֿרייע געדאַנקען זייערע. אָבער, ווי געזאָגט, די טענה איז צו נאַריש, זי סותר צו זיין.

אַן אַנדער געדאַנק קומט אַרויף אויף'ן זינען:

איידער דער רעדאַקטאָר פֿון „אַרשיוו איזראַעליט" וויל פֿערזאָרגען די היגע יודישע קינדער מיט פֿרימקייט, וואָס קומט דורך יודישע געשיכ־טע, צו וואָלט ניט געווען אַ יושר, ער זאָל זיך פֿריהער אומקוקען אויף די פֿראַנצויזישע רבנים, וועלכע דאַרפֿען נייטיג האָבען זיין פֿאָטערליכע השגחה?...

מכח דעם ראַבינער פֿון מאַרסייל דערצעהלט מען אַזאַ מעשה:

איינמאָל איז אַהין אַראָבגעפֿאַלען אַ פֿרומער יוד, אַ בן תורה. וואוהין לויפֿט אַ פֿרומער יוד? אין שוהל. האָט מען זיך דערפֿ־עהט מיט איהם אַזוי ווי מיט עפּעס רעכטס: ס'האָט גראָד געפֿעהלט איינער צום מנין...

אַז מען האָט אָבגעדאַווענט, פֿערווילט זיך דעם פֿרומען יודען אַריינקוקען אין אַ ספר. פֿרעגט ער, וואו ליגט ערגעץ ש"ס? קוקט מען איהם אָן ווי אַ משוגע'נעם... מאַכט ער: זאָל זיין אַ משניות. — ניטאָ קיין משניות... מילא, גוט וועט זיין אַ „חיי אדם" —

— אַהאַ, כ'ווייס וואָס איהר דאַרפֿט, — מאַכט דער שמש פֿון שוהל אויף עלזאַסער דייטש — קומט צום ראַבינער...

נאָר ביים ראַבינער אין ביכער־שאַפֿע איז קיין איין יודישער ספֿר ניט געווען, און אויף דעם צעטעל פֿון לשון־קדש'דיגע נעמען, וואָס דער פֿרומער יוד האָט איהם אויסגערעכענט, האָט דער מאַרסייל'ער „מרא דאתריה" געצווינגען מיט די פּלייצעס, אַזוי ווי ער וואָלט געזאָגט: „פֿון אַזוינע ספֿרים הער איך דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען"...

און דער גאון פֿון מאַרסייל, מוזט איהר וויסען, איז קיין בן יחיד ניט אין פֿראַנקרייך...

אויב פֿרומקייט איז נייטיג, טאָ ווער דאַרף עס נאָך אַזוי נייטיג האָבען, ווי די היגע רבנים?

און אויב מען קען אַנדערש ניט קומען דערצו נאָר דורך יודישע געשיכטע, טאָ זאָלען זיי איהר לערנען.

זיי האָבען דאָך געניג צייט דערצו. „אין פּאָליטיק מישען זיי זיך ניט", גט'ין גט מען זיך דאָ ניט, און שאלות פּסק'ענט מען זיך אַליין נאָך בעסער ווי זיי...

פּאַריז א—ן.



* *
*

אַ שְׁנֶעע אִין דֶער פְּרִיה אִיז גֶעפַאלֶען
אַזוֹי רוּהִיג אוּן לִיכְטִיג
אוּן קְלָאר־וַוייס אוּן צִיכְטִיג,
וִוי קִינְדֶערְשֶׁע אוּנְשׁוּלְד אַלֵיין.

דַאן זֶענֶען גֶעקוּמֶען דִי שְׁטְרַאהלֶען
קָאָקֶעטִירְט אוּן אוּמְאַרֶעמט
דֶעם שְׁנֶעע, אוּן צֶעוַוארֶעמְט —
דֶער שְׁנֶעע הָאט גֶענוּמֶען צֶעגֶעהְן.




ססססס

**Interieur.**

(אַ דראַמאַ)

פֿון מאָררים מעטטערלינק.

(ענדע).

דער אַלטער. אפֿשר, ביסט דו גערעכט... ביי דער נאַכט איז בעסער שווייגען וועגען אַזעלכע זאַכען... דאָס ליכט מאַכט ווי ווייכער די צרה, אָבער וואָס וועלען זיי אונז מאָרגען זאָגען? דאָס אונגליק איז איינפֿערזיכטיג, און די, אויף וועמען עס קומט, ווילען וויסען וועגען איהם פֿריהער עהדער פֿרעמדע... זיי ווילען ניט איבער לאָזען איהם אין פֿרעמדע הענד... זיי פֿיהלען אַקוראַט, ווי מען האָט ביי זיי עפּיס אָפּגענומען...

דער פֿרעמדער. דער צו קען מען ניט אָפּלייגע'. איך הער שוין די געבעטע...

מאַריאַ. אָן געהען זיי נעבען פּלאַנקען...

(מאַרטאַ קומט.)

מאַרטאַ. אָט בין איך... איך האָב זיי דערפֿיהרט ביז דאַנען אין געהייסען וואַרטען אויפ'ן וועג... (עס הערט זיך קינדערשע קולות). די קינדער שרייען נאָך אַלץ... איך האָב זיי ניט געהייסען קומען, אָבער זיי ווילט זיך אויך אַ קוק טהון און די מאַמעס הערען מיך ניט... איך וועל זיי זאָגען... ניין, זיי זענען איינשווייגען געוואָרען... עס איז שוין אַלס פֿערטיג? איך האָב געבראַכט דעם קליינעם רונג, וועלכען מען האָט געפֿינען אויף איהר; איך האָב אַליין זי אַרויף געלעגט אויף די מטה... אַקוראַט ווי זי שלאָפֿט... שווער געווען... די האָר איהרע האָבען ניט געוואָלט מיך פֿאָלגען... איך האָב געהייסען אָנרייסען ווייסע ליליען... אַ שאָד, וואָס ס'זענען ניט געווען אַנדערע בלומען... וואָס טהוט איהר דאָ? פֿאַר וואָס זייט איהר ניט מיט זיי? (קוקט אין פֿענסטער) זיי וויינען ניט... זיי... איהר האָט זיי ניט געזאָגט?...

דער אַלטער. מאַרטאַ, מאַרטאַ, ביי דיר אין זעלע איז צופֿיעל לעבען, דו קענסט ניט פֿערשטעהן...

מאַרטאַ. פֿאַר וואָס זאָל איך ניט פֿערשטעהן? (שווייגענד, דער נאָך מיט אַ טיעפֿען פֿאָרוואורף) ויידע, איהר האָט דאָס נאָך ניט געטהון?

דער אַלטער. דו ווייסט ניט, מאַרטאַ!...

מאַרטאַ. איך וועל זיי זאָגען.

דער אַלטער. וואַרט, מיין קינד, גיעב אַ קוק אויף זיי איין מאָמענט...

מאַרטאַ. ווי אומגליקליך זיי זענען! זי קענען מעהר ניט וואַרטען.

דער אַלטער. פֿאַר וואָס?

מאַרטאַ. איך ווייס ניט... אָבער דאָס איז אונמעגליך.

דער אַלטער. מיין קינד, קום אַ הער!

מאַרטאַ. וואָס פֿאַר אַ געדולד זיי האָבען...

דער אַלטער. קום אַהער, מיין קינד!

מאַרטאַ. (קעהרט זיך אום) וואו ביסט דו, ויידע! מיר איז אַזוי שווער, אַז איך זעה אייך ניט... איצט ווייס איך אַליין ניט וואָס מען טהוט.

דער אַלטער. ניט קוק מעהר אויף זיי... ביז וואַן זיי וועלען אַלץ דערוויסען...

מאַרטאַ. איך וועל געהן מיט אייך.

דער אַלטער. ניין, מאַרטאַ, בלייב דאָ... זעץ זיך נעבען דער שוועסטער אויף די אַלטע שטיינענע באַנק נעבען וואַנט און ניט קוק, דו

בֶּעווִיזֶען זִיךְ אֵיינְצִיגְוַויז הָאבֶּען
דִי בְּלָאטִיגֶע פְּלֶעקֶען,
דֶער שְׁמוּץ, וָואס גֶעוֶוען אִיז בֶּעגְרָאבֶּען,
דֶער שְׁנֶעע הָאט גֶענוּמֶען פֶּערְמֶעקֶען...

---

גֶעבְּלִיעבֶּען נָאר גַאנְץ
אִיז דֶער פְּרָאסְטִיגֶער גְלַאנְץ
פוּנ׳ם שְׁנֶעע, וואו עֶס הָאט אִיהם
דֶער וַוארְם־גֶעפֶעהְרְלִיכֶער אָטְהֶעם
פון זוּנְ, נִיט דֶערגְרֵייכְט צוּ בֶּערִיהְרֶען
און קוּסֶענְדִיג צוּ רוּאִינִירֶען...

— — — — — — — — — — — — — — — —

פֶּערְבְּלִיעבֶּען דֶער שְׁנֶעע דָארְט אִיז אוּנְשׁוּלְדִיג־וַוייס
און צִיכְטִיג – דָאךְ קאלט און פֶּערְפְרוֹירֶען אויף אַייז...

יְהוֹאָ״ש.



# צווישען פֿעלדער.

---

ביים האָריזאָנט אין מזרח איז דער הימעל געווען טונקעל־רויט ווי איין אָננעגליהט אייזען, ווען עס הויבט־אָן זיך צו לעשען: די לבנה האָט געהאַלטען ביים אויפֿגעהן. הויך אין הימעל האָט געברענט יופיטער; ניעדריגער, צו צפון־מערב האָט ברייט זיך צעוואָרפֿען דער „וואָגען" מיט זיין צערודערטען קוואַדראַט אין לאַנגען צעבראָכענעם עק, ווי אַ רמז אויף רעגעלן, וואָס ווערען נישט אויסגעהאַלטען... דער „מילך־וועג" האָט זיך אויסגעצויגען איבער דער וועלט, ווי אַ לייכטעס גאַז־באַנד, וועלכע אַ קאַפּריזע האַנד האָט אוועקגעוואָרפֿען אָהן אַכט און אָרדנונג. אין אלע זייטען האָבען געפֿינקעלט שטערען.

אונטען דער ווייל איז געווען פֿינסטער, בעסער געזאָגט — טונקעל־גרוי, און אין דער גרויער פֿינסטערניש האָט זיך אַ חאָאָס געשפּיערט: קיין בעשטימטע פֿאַרב, קיין איין גלייכע ליניע, קיי דייטליך פּינטעלע. געחלומט האָט זיך אַ פֿעלד, אָדער גלאַט אַ פּלאַץ, נאָר עטוואס ווייטער אַרום־און האָבען זיך געהויבען עפּעס בערגליך צי שאָטען — און אפשר גאָר נישט!.. אויף איין סעקונדע האָט זיך יאָ געווען בעוויעזען עטוואס גענוג דייטליכעס: אַ פֿייער־דיג פּינטעלע האָט אַ פֿונקעל־געטהון; עס האָבען זיך אפּילו ווי טריט געהערט... באַלד איז דאָס פֿייערל פֿערשוואונדען, האָט אביסעל ווייטער ווידער אַרויסגעשפּריצט אין דער פֿינסטערניש און ווידער אין איהר דערטרונקען געוואָרען. דערנאָך איז די פֿינסטערניש אויפֿ׳ן אָרט, וואו דאָס פֿלעמעל האָט זיך צום ערשטען בעוויעזען, ווי געדיכטער געוואָרען... עפּעס האָט אַ קוויטש און צוזאַמען אַ קלונג געטהון. אַ פֿיגור האָט זיך מיט־אַמאָל דייטליך אָבגעצייכענט און איז אין איינעם מיט אַ טויבען קלאַפּ ווי אין די ערד אריין... — און פּלוצים איז פֿון אונטערן רויטען האָריזאָנט אַ געלע, האַלב־רונדע ראַנד אַרויפֿ־געשווימען...

— — — — — — — — — — — — — — — —

עמיצער האָט אַ שלעפּ געטהון די גרויע, דורכזיכטיגע דעק און האָט זי אין איין מאָמענט פֿון פֿעלד אַראָבגעצויגען. אין איהר בעוועגונג האָט זי געפֿלאַטערט, זיך אין לאַנגע פֿאַלדען און קנייטשען געלעגט; נאָך איהר זענען עפּעס גייסטער געלאָפֿען איבע׳ן פעלד און פֿערשוואונדען אין מערב. אין מיטען פֿעלד האָט ווי פֿון דער לופֿט זיך אַראָבגעלאָזען און אין די ערד אריינגעשטעקט איין אַלטער, אויס־געקרימטער דעמב. ער האָט ברייט צענומען זיינע צווייגען־הענד און מיט גרויס ערשטוינען געקוקט אויפֿ׳ן העל־געלען קרייז, וואָס האָט

---

בּיסט נאָך צו יונג, דו וואָלסט ניט קענען פֿערגעסען... דו קענסט זיך ניט פֿאָרשטעלען, וואָס עס טהוט זיך מיט אַ מענשענס צורה, ווען רשר טוידט געהט דורך אין זיינע אויגען... דו ווערסט אפשר דערהערען קולות... ניט קעהר זיך אום... אפֿשר, וועט גאָר נישט זיין... דער הויפּט אָבער זאָלסט דו זיך ניט אומקעהרען, ווען דו ווערסט גאָר נישט הערען... מען קען ניט וויסען פֿריהער, ווי דאָס אומגליק וועט זיך אוים דריקען... על פי רוב — איין קראַמפּהאַפֿטיגער שרעקליכער געוויין און גאָר... איך ווייס אַליין ניט, וואָס קען איך טהון, אַז איך וועל זיי דערהערען... דאָס איז שוין ניט שייך צו אונזערען לעבען... גיעב מיר אַ קוש, מיין קינד, איידער איך וועל געהן...

(די געבעטע ווערען אַלץ נעהנטער; אַ טהייל פֿון דעם עולם געהט אַריין אין גאָרטען. עס הערט זיך איין שטילער געלאַף און אַ׳ן איינגעהאַלטענער גערויש פֿון פֿיעל מענשען).

ד ע ר  פֿ ר ע מ ד ע ר (צום עולם). בלייבט דאָ... ניט נעהנט זיך צו די פֿענסטער... וואו זענען זיי?

איינער פֿון די פּויער׳ים. ווער?

ד ע ר  פֿ ר ע מ ד ע ר. אַנדערע... די ט־ענער?

ד ע ר  פּ ו י ע ר. זיי געהען מיט דער אַלטע, וועלכע פֿיהרט אין גאַרטען... (דער אַלטער געהט אַוועק. מאַרטא און מאַריא זעצען זיך אויפֿ׳ן באַנק מיט׳ן רוקען צו די פֿענסטער. צווישען דעם עולם איז איין איינגעהאַלטענער גערויש).

ד ע ר  פֿ ר ע מ ד ע ר. שטילער! ניט גערעדט...

די עלטערע פֿון די שוועסטער שטעהט אויף און געהט אַראָפּ לאָזען דעם ריעגעל פֿון טהיר.

מ אַ ר ט אַ. זי שפּאַרט אָפּ?

מ אַ ר י אַ. פֿערקעהרט, זי פֿערשפּאַרט...

(מען שווייגט.)

מ אַ ר ט אַ. דער זיידע איז נאָך ניט אַריין?

ד ע ר  פֿ ר ע מ ד ע ר. ניין... (זי קעהרט זיך אום און זעצט זיך ווייטער נעבען דער מוטער... די איבריגע ריהרען זיך ניט פֿון אָרט, און דאָס קינד שלאָפֿט נאָך אַלץ...

(מען שווייגט.)

מ אַ ר ט אַ. שוועסטער, גיעב מיר דיינע הענד.

מ אַ ר י אַ. מאַרטא!

(דריקען זיך איינע צו דער צווייטע און קוסען זיך).

ד ע ר  פֿ ר ע מ ד ע ר. אַ פּנים, אַז ער האָט זיך אַ קלאַפּ געטהון... (אַלע האָבען מיט אַ מאָל אויפֿגעהויבען די קעפּ... זיי קוקען איינער אויף דעם צווייטען.)

מ אַ ר ט אַ. אָ, אָ, מיינע אָ־עמע שוועסטער! איך וועל אַ געשריי טהון... (זי פֿערשטיקט איהר געוויין אויף די שוועסטערס אַקסעל).

ד ע ר  פֿ ר ע מ ד ע ר. ער האָט אַ פּנים נאָך אַמאָל אַ קלאַפּ געטהון זיך... דער פֿאָטער האָט אַ קוק געטהון אויפֿ׳ן זייגער... ער הויבט זיך אויף...

מ אַ ר ט אָ. שוועסטער, שוועסטער, איך וועל אויך אַריינגעהן... זיי דאַרפֿען מעהר ניט בלייבען אַליין...

מ אַ ר י אַ. מאַרטא! מאַרטא!... (זי האַלט זי איין).

ד ע ר  פֿ ר ע מ ד ע ר. דער פֿאָטער איז נעבען טהיר... ער עפֿענט זי... ער עפֿענט פֿאָרזיכטיג.

מ אַ ר ט אַ. אָ, איהר זעהט ניט...

ד ע ר  פֿ ר ע מ ד ע ר. וואָס?

מ אַ ר ט אַ. די וואָס טראָגען...

ד ע ר  פֿ ר ע מ ד ע ר. ער האָט אָפּ געעפֿענט די טהיר... ס׳זעהט זיך מעהר נישט ווי אַ שטיקל לאַנקע און די פֿאָנטאַן... ער לאָזט ניט אָפּ די טהיר... ער טרעט אָפּ... אַקוראַט. ווי ער זאָגט: אָ, דאָס זענט איהר!.. ער הויבט אויף די הענד... ער פֿערשפּאַרט ווייטער זאָרגזאַם די טהיר... אייער זיידע איז אַריין אין צימער...

(דער עולם איז צוגעגאַנגען צו די פֿענסטער. מאַרטא און מאַריא הויבען זיך אויף, צום אָנפֿאַנג, פֿון זייערע ערטער, דער נאָך געהען זיי אויך

זיך דאַרט ווייט פֿון דער ערד אויפֿגעהויבען און מונטער זיך געלאָזען איבער'ן הימעל. הינטערן דעמב האָט זיך ארויסגעצויגען אַ שוואַרצער אונגעהייער לאַנגער און ווילד־פֿאַנטאַסטישער שאָטען.

לאַנגע ציילען זאַנגען זענען געשטאַנען געגען דער לבנה, זענען געשטאַנען און האָבען גדרימעלט, און געחלומט, און צייטענווייז אין שלאָף, מיט די קעפּלעך געשאָקעלט. אָפּט־מאָל איז צווישען זיי אַ בעוועגונג דורכגעלאָפען, און עס האָט זיך אַ שושקעריי געהערט ווי מ'וואָלט דאָרט עמיצען איינשטילען, ער זאָל אנדערע לאָזען שלאָפֿען. די לבנה דערווייל איז געגאַנגען העכער, איהר שיין איז געוואָרען בלאַסער און האָט ענדליך די גאַנצע וועלט פֿאַרגאָסען.

פֿון צפון, ערגעץ פֿון עק וועלט, האָט זיך געצויגען צווישען די שלאָפֿענדע פֿעלדער אַ ווייסליכער הויך־אָנגעשאָטענער וועג. ער איז געלאָפֿען פֿאַרביי דעם דעמב אין מיט א פֿיערטעל וויאָרסט ווייטער, נעבען אַ וואַכטהייזעל האָט ער זיך פֿערדרעהט קיין מזרח און פֿאַרשוואונדען פֿון אויג: דער גרונט האָט זיך דאָרט עטוואס געהויבען, בעשטעקט מיט די לעצטע בוימער פֿון וואַלד, וועלכער האָט אין דער ווייטען געטונקעלט. צווי דינע און גלייכע ליניען, וואָס האָבען קאַלט געפֿינקעלט נעגען דער לבנה, זענען געלאָפֿען איבער'ן וועג אויף זיין גאנצער לענג. נאָר אין איין אָרט, נעבען דעמב, האָט זיך די, וואָס איז געליגען נעהנטער צו מזרח, אונערוואַרטעט אָבגעהאַקט... מיט עטליכע טריט ווייטער האָט זי זיך, נישט וועניגער אונערוואַרטעט, ווידער אָנגעהויבען און געלאָזען ווייטער. אין א זייט איז געלעגען אַ שטיק רעלסע, געלעגען רוהיג און קאַלט, ווי עס וואָלט זיך געפֿינען אויף זיין אָרט..

עטליכע מינוטען זענען געכוירען געוואָרען און שטיל — אָהן קלאַנגען, פֿאַרבען און געשעהנישע — געשטאָרבען: די פֿערגאַנגענהייט איז נישט גרעסער געוואָרען, די צוקונפֿט האָט זיך נישט פֿערקירצט. די צייט האָט זיך פֿון „אונענדע" גענאָסען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַ שטילער קלאַנג האָט אַ ציטער־געטהון אין דער ליפֿט — און איז פֿערלוירען געוואָרען. געדאַכט האָט זיך, אַ קאָמאַר איז דורכגעפֿלויגען און האָט זיין דין געזאַנג און די שטילקייט אריינעשטאָכען. אין אַ פּאָר סעקונדען ארום איז דאָס געזאַנג ווידער פֿון ערגיץ געקומען: אַ לייכטער ציטער איז געגאַנגען איבער די שטאָהלענע ליניען, איבער דער גאַנצער שטאַנג געשווימען ווייטער פארביי דעם בוים און ביי'ם עק פֿון דער איבער־געריסענער זיך פלוצים אָבגעהאַקט און ווי אין די ערד אַריין...

עפּטער און עפּטער האָבען די שטאַנגען געציטערט, שאַרפֿער און דייטליכער האָט זיך דאָס געזאַנג געלאָזט הערען, און אַלץ אויף איין זייט ווייטער געגאַנגען, אויף דער צווייטער — זיך געהאַקט. אַ פּאָר זאַנגען האָבען אונרוהיג פֿון שלאָף מיט די קעפּלעך אַ שאָקעלגעטהון; אַ צווייג אויפֿ'ן דעמב האָט זיך איינגעבויגען און ווידער זיך אויסגעגלייכט: איבער'ן פֿעלד האָט זיך אַ ווינטעל געטראָגען. אין דעם מאָמענט האָט דער וועג זיך אַ טרעסעל געטהון: טיעף אין דער ערד איז דורכגעגאַנגען אַ טויבער קלאַפּ...

אַ צווייטער, אַ דריטער.. מעסיג און זיכער זענען געוואַכסען די קלעפּ; שטאַרקער און שנעלער איז געלאָפֿען דער ציטער איבער גאַנצער שטאַנג און שאַרפֿער זיך געשניטען — ביי דער אָבגעהאַקטער. ווייט, אין פֿינסטערן וואַלד, איז געלאָפֿען אַ מעכטיגע חיה, האָט געוועקט דאָס ווידערקול צווישען די בוימער און געטרעסעלט די לופֿט. נעהנטער!.. פֿון יענער זייט וואַכטהייזעל האָט עפּעס אַ פֿינקעל געטהון. אַ קורצער, שניידענדער פֿייף, פֿול מיט קראַפֿט און נצחון... אַ ברענענדיג אויג איז ארויסגעפֿלויגען פֿון הינטערן הייזעל, האָט זיך אויסגעדרעהט און באַלד נעבען זיך אַ צווייטעס ארויסגעשטעלט. ארום רונדען אומקעהר פֿון וועג האָט זיך גראַציעז און קאָקעטיש אַרומגעוויקעלט אַ צייל וואַגאָנען און זיך באַלד אויסגעגלייכט ווי איין אָנגעצויגענע שנור. די פֿייערדיגע אויגען זענען געוואַכסען און האָבען העליש געברענט; דער גאַנצער צוג האָט זיך געט־ייסעלט, געוואָרפֿען, געטהעמט און געקאָכט, און איז זיכער־לוסטיג געלאָפֿען צום בוים, צוהערענדיג נאָך זיך רינגען און לאָקען פֿון רויך און פארע, ווי אַ פֿערשטימט פֿערד זיינע לאַנגע, צעפּלאָסענע האָר.

דאָס פֿעלד האָט ערוואַכט פֿון שלאָף: זאַנגען האָבען זיך צו, שטאַרק אַרום גענומען זיך. מען זעהט, ווי דער אלטער געהט איבער'ן צימער.

(ביידע דער געשטאָרבענערס שוועסטער הויבען זיך אויף, די מוטער שטעהט אויך אויף, פֿאָרזיכטיג אריינגעזעצט דאָס קינד אין שטוהל פֿון וועלכען זי איז אויפֿגעשטאַנען פֿון דרויסען איז ניכר, ווי דאָס קינד שלאָפֿט אין מיטען צימער, עטוואָס אנגעניינגט דאָס קאָפּעל; די מוטער נעהט דעם אלטען איינשנעגעז, שטעקט איהם אויס די האנד, ציהט זי באַלד צוריק איידער ער דאָט זי גענומען. איינע פֿון די יונגע טעכטער וויל נערמען ביי אידם דאָס אויבער קלייד, די צווייטע רוקט אידם צו א שטול. דער אלטער זאָגט זיך אָפּ (מיט'ן וואונק, מיט'ן בעוועגונג) דער פֿאָטער שמייכעלט, וואונדערט זיך דער ביי... דער אלטער קוקט אויף די פענסטער).

דער פֿרעמדער. ער האָט מורא צו זאָגען, ער האָט אַ קוק געטהון אין אונזערע זייט...

(צווישען דעם אַלם איז א גערויש).

דער פֿרעמדער. שטילער!...

(דער אלטער. דערזעהענדיג אין פענסטער צורות, פֿיהרט אָפּ געשווינד די אויגען; איינע פֿון די שוועסטער ריקט איהם אלץ צו א שטול; ער זעצט זיך אויף איהם און גלעט עטליכע מאָל דעם שטערען מיט דער רעכטער האַנד).

דער פֿרעמדער. ער זעצט זיך...

(די איבעריגע, וואָס זענען אין צימער, זעצען זיך אויך, דער פֿאָטער רעדט וועגען עפּיס זעהר לעבעדיג. דערנאָך עפּענט אויף דער אלטער זיין מויל. אַלע, אַ פנים. הערען זיך צו, נאָר דער פאַטער שלאָגט איהם איבער. דער אַלטער הייבט אָן ווייטער צו רעדען... אַלע, וואָס הערען איהם, בלייבען אויף זייערע ערטער, מיט א מאָל ניעט זיך די מוטער אַ טרויסעל און שטעהט אויף).

מאַרטאַ. אָ, די מוטער וועט באַלד פֿערשטעהן!...

(זי קעהרט זיך אָפּ און פֿערמאַכט דאָס פנים מיט די הענד. ס'הערט זיך אַ גערויש, א סטופּעריי. די קינדער שריען און בעטען זיך, אז מען זאָל זיי אויפֿהייבען — זיי זאָלען קענען זעהען. פֿיעלע מוט ערם הויבען זיי אויף).

דער פֿרעמדער. שטילער! ער האָט נאָך ניט געזאָגט...

(עס איז קענטיג, ווי די מוטער פרעגט עפּיס מיט אן אומעט ביי דעם אַלטען, ער רעדט אַרום נאָך עטליכע ווערטער; דער נאָך הויבען זיך אַלע אויף מיט אמאַל, און פֿרעגען אַ פנים. ער שאָקעלט לאַנגזאַם מיט'ן קאָפּף).

דער פֿרעמדער. ער האָט געזאָגט!... ער האָט געזאָגט מיט איין וואָרט!...

אַ קול צווישען עולם. געזאָגט!... געזאָגט...

דער פֿרעמדער. מען הערט נאָר נישט...

(דער אַלטער הויבט זיך אויך אויף און ניט אומגעקעהרט זיך, וועיזט ער מיט'ן פֿינגער אויף די טהיר הינטער זיך. די מוטער, דער פֿאָטער און ביידע טעכטער וואַרפֿען זיך צו דער טהיר... דעם פֿאָטער גיט זיך ניט; איין מיט אמאָל עפּענען די טהיר... דער אַלטער וויל איינהאַלטען די מוטער).

אַ קול צווישען עולם. זיי געהען אַרויס!... געהען אַרויס!... אין גאָרטען איז אַ שטויסעריי. אַלע וואַרפֿען זיך צום דער אַנדער זייט הויז, נאָר דער פֿרעמדער בלייבט שטעהן נעבען פֿענסטער. דאָרט אין צימער עפֿענט זיך אין גאַנצען די טהיר און אַלע געהען אַרויס מיט אמאָל. עס זעהט זיך דער הימעל מיט די שטערען, די לאַקע אין די פּאַטאַ, וועלכע עס בעלייכטעט די לבנה. דאָס קינד שלאָפֿט נאָך אַלם אויפֿ'ן שטול אין מיטען ליידיגען צימער. עס איז שטיל.

דער פֿרעמדער. דאָס קינד האָט זיך ניט אויפֿגעכאַפּט... (ער געהט אַוועק.)



געשאָקעלט, גאַנצע בייטען האָבען זיך בעוועגט און קאָליערט נעגען דער לבנה, וועלכע איז יעצט געוועזן בלאַס, ווי דער טויט. דער אַלטער, חמורנער דעמב האָט געשטרעקט זיינע צווייגען צום וועג, זיי געהויבען אין דער הויך און ווידער קראַפּטלאָז אַראָכגעלאָזען. די לופט האָט גערוישט און געציטערט...

איבער דער דורכגעריסענער רעלסע זענען שוין יעצט קאָנוואול־סיען געגאַנגען... פון עק האָבען זיך געריסען הייזעריגע קלאַנגען, ווי פערשטיקטע, פערצווייפעלטע קרעכצען — דורך פערביסענע ליפען... זיך געריסען — און באַלד שטום אין דער ערד געזינקען. געדראכט האָט זיך — דאָס אייזען וועט באַלד פלאַצען פון אָנשטרענגונג; די פערשלאָסענע, פערשאָלטענע ליפע מוזען א געשריי ארויסלאָזען! און דאָס געשריי איז געשפרינגען פון עק, האָט זיך געריסען, ווי עטוואָס מאַטעריעלעס, כמעט צום אָנטאַפען. און ווידער און ווידער האָט עס די ערד געשלינגען און צום טויט געשטיקט.

די מעכטיגע שטאָהלענע ברוסט פון לאָקאָמאָטיוו האָט זיך אָנגערוקט גאָר נאָהענט...

דער אָבגעשרויפטער שטאַנג איז געליגען אין אזייט און האָט אונשולדיג געבלאַנקט נעגען דער שיין פון דער לבנה...

ל. שפירא.



# שוועסטער.

א דראַמא אין איין אַקט.

---

פערזאָנען:

מירל, איין אלמנה מיט קינדער נאָך א שוחט; שטאַרק פער־עלטערט.

לאָה און

נחמה — מירל'ס צוויי שוועסטער, דיענסט־מיידליך; לאה איז עטוואס עלטער פאַר נחמה'ן.

אברהמ'ל, מירלס זוהן, א חדר־יונגעל.

זרח, א פועל ביי'ן א שוסטער.

משה'ל, אַ פעלשער יונג.

א קול פון א בעל־הבית'טע דורך א פענסטער.

די סצענע שטעלט פאָר —

אַיין אָבגעלעגען ווינקעל פון אַ שטעדטישען סקווער. ווי־זאַ־ווי דעם סופ־לער — אַ קלאָמב. פאַר'ן קלאָמב אַ שמאָל וועגעל אין דער ברייט, מיט שמעלערע זייטען־וועגליך טיעפער אין סקוועך אַריין. הינטער'ן קלאָמב — אַ באַנק. נישט ווייט פון איהר, רעכטס — אַ ברענענדיגער נאַפט־לאַמטערן. לינקס פון סופלער ציהט זיך אַרויס אַ שורה הייזליך, וואָס גרעניצען מיט'ן סקווער.

עס איז אַ קיהלער הערבסט אָבענד. די הייזליך לינקס זענען פערשיע־דען בעלייכט. דאָס נאָהנסטע אין עק — העלער. דער גאַנצער סקווער ווינקעל ליגט אין האַלבען־שאָטען. אַרום לאַמטערן — אַ ליכטיגער ראָד. אָן הימעל זעהט מען, אַז טיעפער איז דער סקווער בעסער בעלייכט. פון אונטער'ן קלאָמב, וואו דער סקווער איז העלער בעלייכט, הערען זיך שטימען פון זיצענדיגע און שפאַציערענדיגע מענער און פרויען, געלעכטער און אויסגעשרייען, וואָס ווערען וואָס אַמאָל זעלטענער און שטילער, און הערען אין גאַנצען אויף פאַר דער לעצטער סצענע.

---

## ערשטע סצענע.

מירל. אברהמ'ל.

מירל (זיצט אויף דער באַנק, קוקט זיך וואָס אַמאָל אונרוהיג אַרום אויף די זייטען, צו קומט נישט ווער; צו אברהמ'ל'ע, וואָס שטעהט פאַר איהר אָנגעשפארט אויף דער שוים אין קווענקיט) נו, שא, שא אברהמ'ל! (איינרעדענדיג) זיי וועלען קימען... וועט מען זיך אָברעדען אויף מאָרגען... (איינשמייכעלדיג) ווייסט, וואָס מאָרגען איז, תכשיט מיינער?

אברהמ'ל (אויפהייבענדיג דעם קאָפ) כ'וויים... דעם טאַטען, עליו השלום'ס, יאָהר צייט... (שטעלט זיך אין גאַנצען אויף, צום הימעל. ערנסט) זכותו יגן עלינו...

מירל: אַזוי, אַזוי, לעבען מיינס, יתום מיינער — — וועלי מיר טאַקי געהען צום קבר...

אברהמ'ל: זיי אויך?

מירל: (אונרוהיג) אוודאי... ווי אַלע יאָהר... (פערעדענדיג) און כ'האָב דאָך היינט קיין פרוטה נישט פערדיענט... און האָסט נאָך כמעט אין מויל נישט געהאַט...

אברהמ'ל: איך בין גאָר נישט אַזוי הונגעריג, מאַמע...

מירל: (שאָקעלט מיט'ן קאָפ, נישט גלייבענדיג) אוודאי, אוודאי... אַ שטיקעל ברויט און איין עפּעלע... וועל'ן טאַקי די מיהמעס ברענגען עפּיס גוט'ס אויך...

אברהמ'ל: וועל'מיר אַהיים נעמען פאַר סערעלען...

מירל: ס'וועט זיין פאַר אַלע...

אברהמ'ל: איך בין נישט הונגעריג... באמת, ניין, מאַמע.

מירל (קוקט איהם אָן פאַרשענדיג, אונרוהיגער)

אברהמ'ל: עס איז מיר קאַלט, מאַמע, לאָ'מיך אַהיים...

מירל: עס איז דיר קאַלט, ציהרונג מיינער, קדיש מיינער, נאַ דיר, נאַ מיין שאַלעכיל (נעמט עס אַראָפּ פון אַקסעל).

אברהמ'ל: איך וויל נישט, מאַמע, דיר איז אויך קאַלט...

מירל: ניין, גאָלד מיינער... מיר איז נישט קאַלט (וויקעלט איהם אַרום מיט דער שאַל), איך בין געוואהנט... און דו, נעביך הוסט... און די מיהמע, נחמה, האָט געזאָגט, זי וועט מיט דיר געהן צום רופא...

אברהמ'ל: מוחל...

מירל (אונרוהיג) פאַר וואָס? צו דער תורה דאַרף מען כח האָבען, געזונד זיין...

אברהמ'ל: אַז גאָט וועט וועלען כ'וועל געזונד זיין (שטאָקט).

מירל: איז וואָס, קדיש מיינער?

אברהמ'ל (פלאַצט ארויס) האָט ער בעסערע שלוחים.

מירל: נאַריש קינד, דער רופא אַליין איז א גאַנץ ערליכער יוד...

אברהמ'ל: נישט איהם מיין איך...

מירל: ווילסט נישט געהען מיט דער מיהמע נחמה?...

אברהמ'ל: ניין...

מירל (פריפענדיג) נאַרעלע מיט א מיהמען מעג מען...

אברהמ'ל: כ'וויל אָבער נישט...

מירל: (מיט אַ טרויריגען, מאַסקירענדיגען שמייכעל) וואָס דען, אברהמ'ל, ווילסט דו?... (צוריק ווי פריהער) און לערנען ווילסט דו?

אברהמ'ל (שטאָליץ) לערנען וויל איך!

מירל: און רבי־געלד?

אברהמ'ל: (אָבגעפאַלען) יא, יאָ... די רביצען האָט מיר טאַקי געזאָגט...

מירל: די מרשעת, ימה שמה...

אברהמ'ל: מאַמע, זידעל נישט... דער טאַטע, עליו השלום, האָט פיינד געהאַט, אַז מען שעלט...

מירל: כ'מיין, וואָס יאָגט זי זיך... די מיהמעס וועלען נאָך אפשר היינט עפּיס ברענגען... לכל הפחות לחשבון...

אברהמ'ל: דאַרף יוכבד שיך...

מירל: שכר־למוד איז ביליכער...

אברהמ'ל: און סעריל האָט א צוריסען קליידעל...

מירל: קודם כל שכר למוד...

אברהמ'ל: (חאַפּט זיך ארויס) פון אַזא געלד?

מירל: (פערציטערט) וואָס זאָגסטו? האָסט שוין געהערט עפּיס לשון הרע?... פון די חברים, די שקצים?

אברהמ'ל: (בעליידיגט) מיינע חברים, זענען קיין שקצים נישט... לומדי־תורה זענען זיי... און האָבען געהערט פון מאַמעס...

מירל: אַז וואָס, אַז וואָס...

אברהמ׳ל: אַז... אַז זיי האָבען חתנים... געהען אַרום מיט זיי שפּאַ־צירען...

מירל: (לייכטער אָבאטעמענדיג) אַזוי... איין עולה... זאָגען וועל איך זיי... נור ס'אי' נישט דיין זאַך, אברהמ׳ל...

אברהמ׳ל: (בייז) ס'אי מיין זאַך... נאָך אַ חדש הייב איך, כ"ה, אָן תפלין לעגען... איך וויל זיי נישט זעהען...

מירל: די מיהמע גחמה'ן אויך נישט ?... זי האָסט דו דאָך גאָר ליעב געהאַט...

אברהמ׳ל: מאַמע, לאָמיך אַ היים...

מירל: (מיט האַריץ) געה, געה! לאָ'מיך דיין פּרצוף נישט זעהען...

אברהמ׳ל: (דערפרייט) נאַ דיר אָב די שאַל.

מירל: געה... אנגסטען שלאָגען אויף מיר! (אברהמ׳ל געהט אָב רעכטס; זי רופט איהם נאָך!) היים מאַכען פייער, כ'וועל ברענגען קאַרטאָפּעל.

אברהמ׳ל: (דרעהט זיך אויס אינ'ם גאַנג) האָסט דאָך היינט נישט פּערדיענט, מאַמע? מען וועט דיר דען באָרגען?

מירל: נישט דיין זאַך, וואו איך וועל נעמען, וועל איך נעמען!

אברהמ׳ל: און איך וועל נישט עסען...

מירל: געהסט אַוועק! מיין גאַנץ ביטער האַרץ וועל איך צו דיר אויס־לאָזען!...

אברהמ׳ל: ד'געה, ד'געה (געהט, צו זינגט זיך)

וואָס איז אַ מענש?
נור ערד און שטויב
פאַר ווערם אַ רויב — (פערשווינד, מען הערט נאָך זיין קיל)
היינט אין אַ שטוב,
מאָרגען אין גרוב
און שטום און טויב...
וואָס איז אַ מענש...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

מירל: (וואָס איז שטאַרק צוגעצויגען געווען צום ליעד, נאָך אַ פויזע, שטאַרק גערידהרט) תכשיט מיינער... יתום מיינער... נישט וויט פאַלט דאָס עפּעלע פון בוים... דער פאָטער עליו השלום, אויס'ן אויג... (לאה בעווייזט זיך רעכטס).

---

## צווייטע סצענע.

לאה: (צוקומענדיג) גוט'ן'נאָבענד!

מירל: (איינגעצויגען) גוט יאָהר.

לאה: און וואו איז אברהמ׳ל?

מירל: געווען... אַהיים געגאַנגען...

לאה: נישט געקאָנט זיך דערוואַרטען, נעביך.

מירל: ס'איז איהם קאַלט געווען...

לאה: וועל איך מאָרגען ביי דיר אָבטרעטען... איידער ער געהט אַוועק אין חדר אַריין...

מירל: (טרוקען) ער געהט אַ וועק פאַר טאָג...

לאה: (פערוואונדערט אויפ'ן קול, בעטראַכט זי) און וואו איז ס'שאַלעכיל, מירל? (מיט רחמנות) פערזעצט?

מירל: ניין... איינגעהיעלט אברהמ׳לען...

לאה: ער הוסט, נעביך?

מירל: אוודאי הוסט ער...

לאה: וועל איך געהן צו איהם אין חדר אַריין...

מירל: (פערשווייגט).

לאה: (זיך דערמאָנענדיג) איי, מאָרגען איז דאָך יאָהרצייט... ווען געה' מיר?

מירל: אַרום ניינען...

לאה: וועל איך צוריק צו וועגס אַבטרעטען.

מירל: מען דאַרף נישט!

לאה: (אונרוהיג) וואָס איז ווייטער?

מירל: שיינע זאַכען פּ'ן דיר געהערט... פון אייךביידע...

לאה: פון דיין מויל, מירל?

מירל: פון חברים... עס האַלט שוין דערביי... דער ביימעל שווימט אויפ'ן וואַסער אַרויף...

לאה: (מאַכט זיך אַ האַריץ) עס געפעלט זיי נישט דער שדוך?

מירל: שוין געווען ראשי־פּרקים?

לאה: (צאָרניג) נישט דיין באָבים דאגה...

מירל: אוודאי... פערשוואַריץ... פערשוואַריץ מיר נאָך מעהר דאָס פּנים... מען לאָזט מיך נישט דורכגעהן איבער'ן מאַרק...

לאה: אפשר וואָלסט דו בעהאַלטען דיינע תחנות אייף מאָרגען? — פאָלג מיך, שווייג בעסער...

מירל: און אַז איך וועל שווייגען, וועט די וועלט אויך שווייגען?

לאה: מיין כפּרה די וועלט...

מירל: און גאָט וועט אויך שווייגען?

לאה: (צו היצט) מירל, ד'האָב דיר שוין נישט איינמאָל געזאָגט, — שטעל דיך נישט צווישען מיר און גאָט... לאָז געמאַך! האָט גאָט צו מיר טענות, האָב איך אפשר צו איהם אויך טענות! —

מירל: (פערבליפט) וואָס פאַר אַ רייד?!

לאה: (לאָזט זיך נישט שטערען) און אויף שאלות איז פערהאַן, ברוך השם, תשובות... אויף איין שאלה צעהן תשובות... עט, נעם בעסער, וואָס ד'האָב געברענגט) נאַ — (מירל שטעלט אויף די האַנד, לעגט זי אויף דער באַנק) קודם כל — וואַקס!

מירל: (גערידהרט) האָסט געדענקט צו קויפען?

לאה: (מיט איין אַקסעל־בעוועגונג) צו קויפען? מען האָט געקויפט האָניג, איז געבליבען וואַקס...

מירל: ד'דאַרף נישט קיין וואַקס!

לאה: משוגעת! האָסט אַ נשמה־ליכט?

מירל: בעסער נישט, איידער פון גנבה'שען וואַקס.

לאה: איך גנב'ע נישט, איך נעם! און עס קומט מיר מעהר... די קלעע פון די ביינער ציהען זיי מיר ארויס, דאָס חיות — ד נשמה...

מירל: קיין וואַקס נעם איך נישט.

לאה: איז נישט... לאָז עס ליעגען... און דאָ האָסט דו אַ שקאָרמיצעל טהיי... ציקער אַ ביסעל... פאַר אברהמ׳לען עקסטרא אַ לעקאכיל אין חדר אַריין... מען האָט געדיינקט מיט צו געבען דעם גאַסט האָב איך פאַר אברהמ׳לען אַראָפּגענומען איינס... און יאַ — אַ ביסל געלד (נעמט אַרויס און האַלט אויף דער פלאַכער האַנד זילבער־געלד).

מירל: (מיט חשד) אַזוי פיעל? האָסט דאָך שוין לאַנג אָנגענומען שכירות?

לאה: ד'האָב דאָך דיר געזאָגט — אַ גאַסט איז געווען, האָט ער איבער געלאָזט...

מירל: אַזוי פיעל?

לאה: (פּלאַצט אויס) שלאַנג!

מירל: לאה... גלאַט אַזוי? פאַר גאָר נישט?

לאה: פאַר גאָר נישט... וועניג געהאָראָוויט ביז ער איז אַוועק גע־פאָהרען? — — אוי, שלאַנג שלאַנג... אַז זי גיט אַ ביס, איז טאַקי טיעף אין האַרץ אַריין... און דאָס איז אַ שוועסטער, איין אַלטער שוועסטער... וועניג יענע, טרעט עס אויך מיט די פיס... יאָ, האָסט אפשר וועניג, נאַ, נאָך! (פאַלט אויף דער באַנק) מירל, ווי האָט אַ מענש קיין פונק רחמנות נישט? זעהסט, צו וואָס איך בין געקומען... אַ בעל־בתי'שע טאָכטער... אַ מאַמים אַ קינד... צינד — הפקר... ווער עס וויל שפּייט אין פּנים אַריין...

מירל: חבר דיך נישט מיט פעלשער יונגען...

(פ"פ).

י. ל. פּרץ.



# די בעטלערין.

פון

מולטאטולי

---

ביים טויער פֿון ה א ר ל ע מ ו בין איך געזעסען אויף א באנק. פליצים האָב איך דערזעהען אַן אלטינקע, א לאָמע. זי האָט זיך, אָפּט אַראָב געבויגען, האָט עפּעס געקליעבען און די אויפגעקליעבענע זאכען האָט זי אריין געלייגט אין פֿאַרטוך. זי האָט געזוכט אָבפֿאַלעכטס, קליינע שטיקלעך האָליץ...

— וואָס פֿיר א נויט! — האָב איך געטראכט

איך בין געוועזן זיכער, אַז זי וועט צוקומען צו די באנק, וואו איך בין געזעסען און איך האָב אראָב געוואָרפֿען אויף דער ע״ד אַ מטבע אום זי זאָל אויף הייבען.

און איך האָב זיך געפֿרייט מיט איהר יעדען טריט, וואָס זי האָט זיך דער־נעהערט צו די מתנה און איך האָב געוואָלט,דאָס זי זאָל בעקומען די מתנה גראַדע ווי עס האָט זיך איהר א נס געטראָפֿען.

נאָר אַן אַלטינקע, וועלכע קלויבט שפענער און אַ קאָמעטע — דאָס זענען צוויי פֿערשיעדענע זאַכען. די קאָמעטע האָט אויף געצייכענט אַ קרייז, וועלכע שטימט נישט איין מיט מיין רעכנונג און איך האָב מרא געהאַט...

— מיטער!

— וואָס?

— איהר זוכט עפּעס אַזוי נייטיג... מיר דאַכט זיך, אַז דאָרט ליענט עפּעס, דאָ!

זי איז נישט צו נענאַנגען און קלויבענדיג, איז זי ווייטער געגאַנ־גען. וואַהרשיינליך! זי האָט געזיכט אונטער די ביימער ברעקלעך האָליץ. די זאַך וואָס איך האָב איהר געוויזען איז געלעגען אויף דעם שטענגעל. אויף דעם שטענגעל איז נישט געווען קיין האָליץ, און זי האָט געזוכט האָליץ. זי האָט אַ וודאי געטראַכט, אַז איך לאַך פֿון איהר.

— אָבער איך זאָג דעם אמת, מוטער!... קימט אהער דאָ! עס דאַכט זיך מיר טאַקע, אַז דאָ ליגט עפּעס... עס קען זיין, אז עס איז געלד...

— האָ־האָ!... ווען עס וואָלט אייך געדאַכט, וואָלט איהר אַ ל י י ן אויף געהויבען!

דענסטמאָל האָב איך די מטבע אויף געהויבען און איהר צו גע־טראָגען, און אַ טרויעריגער געדאַנק איז מיר אין קאָפּ אריין, אַז די אלטע אין דער צייט פֿון איהר גאַנצען לאַנגען לעבען, האָט בעגעגענט אזוי ווייניג גוטע מענשען...

איבערזעצט נ. קאקעט



# ד י ר א ב.

פון

עדגארד פא.

איבערזעטצט פֿון ה. רויזענבלאַט.

---

אין אַ קאַלטער נאַכט אַ גרויער, שווער בעטריבט פֿון טיפֿען טרויער,
בין איך מיר פֿערזאָרגט געזעסען, גריבלענדיג זיך אין אַ בוך;
פלוצים האָט דערהערט זיך קלאָפּען, ווי פֿון זאנפֿטע רעגענטראָפּען,
ווי ס'וואָלט איילענדיג ווער טאַפּען — טאַפּען, זוכענדיג מיין טיהר.
„ס'איז געוויס אַ נאַכט־בעזוכער, קומט פֿערשפּעטיגט איצט אַהער. —
בלויז נור דאָס און קיין זאַך מ ע ה ר.

איך געדיינק דאָס נאָך אַצינדער; ס'איז געווען אַ נאַכט אין ווינטער
יעדער נאַכט־שאטען בעזונדער, האָט אַ שרעק ערוועקט אין מיר;
כ'האָב מיט וועה ערוואַרט דעם מאָרגען, כ'האָב געזוכט פֿין ביכער באַרגען
טרייסטונג פֿאַר די ליידענס־זאָרגען — זאָרגען אונערטרעגליך שווער;
פֿאַר דער שענהייט, וועמען ס'רופֿען די מלאכים אַן לענע *)
וועלכע לעבט שוין ד אָ נ י ט מ ע ה ר.

און דאָס שאָטענדיגע מינען אייף די פורפירנע גאַרדינען,
איבערפֿילט האָט מיין נשמה מיט אַ שוידערליכען גרויל.
אום די שרעקען צו פֿעריאָגען, האָב איך זעלבסט גענומען זאָגען:
„ס'קומט ווער איילענדיג צו יאָגען אין דער שפּעטער נאַכט אַהער;
ס'איז געוויס אַ נאַכט־בעזוכער, קומט פֿערשפּעטיגט איצט אַהער —
בלויז נאָר דאָס און קיין זאַך מ ע ה ר״.

באַלד איז דאָך מיין הערץ געוואָרען שטאַרקער, און איך האָב פֿול צאָרען
אויסגעשריען: „הער צו, דאַמע, בלייב אַ ווייל' נאָר שטום און הער:
כ'האָב געדרימעלט, און דיין קלאָפּען קומט ווי שווערע רעגענטראָפּען;
גלייך ווי איילענד וואָלט ווער טאַפּען — טאַפּען, זוכענדיג מיין טיהר,
זעה איך עפֿען ברייט די טיהר אויף און איך לאַד דיר איין אַהער״ —
פֿינסטערניס און קיין זאַך מ ע ה ר.

איבערפילט מיט ווילדע שרעקען, האָט די נאַכט גענומען וועקען
אין מיין דמיון שוואַרצע טרוימען, שוידערליכע פֿאַנטאַזיען,
אַז מיין האַרץ, וואָס איז געלעגען שטום, האָט שמערצליך אויסגעשריען —
און פֿול שוידער האָט געשטיגען דורך דער נאַכט דאָס וואָרט „לענער״!
אפגעענטפֿערט נאָר דער עכאָ האָט פֿון צימער דומפּ און לעער:
„בלויז נאָר דאָס און ק י י ן ז א ך מ ע ה ר״.

מיט דעם פֿייער פֿון דער העללע, אויפֿגעפלאַמט ביי מיר אין זעעל'ע.
האָב איך זיך צוריק אין קאַלטען, פֿייכטען צימער אומגעקערט.
נאָר דערהערט האָט באַלד זיך קלעהרער אין מיין טהיר דאָס קלאַפּען שווערער,
„איצט איז שוין קיין צווייפֿעל מעהרער: יעמאַנד קומט געוויס אַהער״ —
און איך עפֿען ברייט די טיהר אויף, האַלט דעם אָטהעם איין און הער —
„בלויז דער ווינד און ק י י ן ז אַ ך מ ע ה ר״.

אום מיין כעס דאַן אויסצוגיסען, האָב איך וויטהענד אויפֿגעריסען
טיהר און לאָדען און פֿון דרויסען איז אריין אַ שוואַרצע ראַב.
לאַנג האָט זי זיך אומגעטריעבען — ענדליך האָט זי זיך פֿערקליעבען
אויף מיין ברוסט, און איז געבליבען קראַקענדיג דאָרט זיצען שווער,
קראַקענדיג מיט ווילדע קולות, כראָפּענדיג פערשיקט און שווער —
„בלויז נאָר דאָס און ק י י ן ז אַ ך מ ע ה ר״.

לאַנג האָט דאַן זי שטרענג בעטראַכט מיך, ביז איך האָב נערוועז צולאַכט מיך
פֿון דעם שוידערהאַפֿטען אָנבליק, פֿון דער טייפֿליש ווילדער ראַב.
„שד!״ האָב איך גענומען ברומען — „שד, ווען וועט דיין קיל פֿערשטומען?
זאָג: פֿון וואו ביזט די געקומען, ווער האָט דיך פֿעריאגט אַהער?
זאָג, דערציילן מיר, ווי מען רופֿט דיך, ווי דיין נאָמען איז ערקלעהר!״
און זי ענטפֿערט „ק י י ן מ אָ ה ל מ ע ה ר!״

לאַנג האָב איך דאַן אַ פֿערקלעהרטער, נאַכגעדענקט די מאָדנע ווערטער,
ווערטער, וועלכע האָבען ווייניג וואָס בעדייטונג ג'האַט פֿאַר מיר,
ניט געקענט האָב איך ערקלערען זיך דעם רעטזעל, אָט דעם שווערען:
האָט געקענט פֿערבלאָנזשעט ווערען אַזאַ פֿויגעל גאָר אַהער,
איז נאָך ווען אַמאָל געקומען אזא ווילדע ראַב אַהער?
מיט דעם נאָמען: ק י י ן מ אָ ל מ ע ה ר?

דאָך די ראַב, זי זיצט נאָך אימער אויף מיין ביוסט ביי מיר אין צימער,
קראַקענדיג די זעלבע ווערטער — איהר פֿערשאַלט'נע זעלען־שפּראַך —
חוץ איהר קראַקען דאָ כסדר, ריהרט זיך ניט אויף איהר קיין פֿעדער,
פֿיעלע פֿריינד האָבען ליידער, מיך פֿערלאָזט שוין און איך קלעהר:
„אויך ווּעסטו מיך באַלד דאָ לאָזען צו מיין שיקזאַל גרויזאַם שווער?
נאָר די ראַב שרייט: „ק י י ן מ אָ ל מ ע ה ר״.

איבעראַשט בין איך געוואָרען פֿון דעם ענטפֿער, פֿון דעם קלאָרען,
„זיכער איז די ראַב אַנטרונען פֿון אַ שיקזאַל פונקט ווי מיין;
פונקט ווי מיין קען זיין דאָס צימער, וואו עס האָט איהר אייגענטהימער
טרויעריג געזונגען אימער פֿון אַ מזל וויסט און שווער?—
נאָר פֿון אַלע זיינע ליעדער, שיינט, געבראַכט האָט זי אַהער
בלויז דעם איינעם: „ק י י ן מ אָ ל מ ע ה ר״.

ענדליך בין איך ווילד געוואָרען, אויסער זיך צוקאָכט פֿון צאָרען,
האָב איך שנעל גענומען פֿעכטען מיט די פֿויסטען אַרום זיך.

---

*) אזא שוואַרצער פֿויגעל.

ביז ערשעפט פון קאמפף פון שווערען, האָב איך זיך געזעצט מיט טרערען
און גענומען טראַכטען, קלעהרען, טרעפען חידות טיעף און שווער,
וואָס די ווילדע ראַב, די שוואַרצע, וועלכע קומט דורך נאַכט אַהער,
מיינט דאָס מיט דעם קיין מאָל מעהר ?

לאַנג בין איך אַזוי געזעסען, שאַרף די אויגען איינגעגעסען
אין דעם ווילדען, שוואַרצען דעמאָן, אין דעם העסליך בייזען שד.—
פון דעם באַלקען, פון דעם נאַסען, האט דער לעמפעלע צוגאסען
טרויעריג זיין שיין, זיין בלאַסען, איבער'ן צימער קאַלט און לעער,
און פין ביוסט האָט אַלץ געהערט זיך נאך איהר קראַקען דומפ און שווער
רק דער זעלבער : „קיין מאָהל מעהר".

ענדליך האב איך דאך פערלארען דעם געדולד, און האב פול צארן
אויסגעשריען : „גאט, צי טייפעל, העד שוין פייניגען מיך אויף !
נעם דיין פרצוף צו פון דאַנען. געה, איך וויל דיך מעהר ניט קאנען ;
קעהר זיך אום אַהין פון וואנען ביזט פערבלאנדזשעט דא אַהער,
לאז מיר איינזאַם דא זיך בלייבען, עלענד, פינקט ווי ביז אַהער".
נאר די ראב שרייט : קיין מאל מעהר.

„זאג ערקלער מיר, גאט צו טייפעל, מאַך מיך פריי פון ווילדען צווייפעל ?
האבען בייזע ווירבעל-ווינדען דיך אַהער אין נאַכט פאַרפיהרט ?
זאנסט, וואס האט געקענט דיך טרייבען דא דיין נעסט זיך אויסצוקלייבען ?
זאג : ווי לאַנג ועסטו נאך בלייבען אין מיין צימער, וויסט און לעער ?
ווען וועסטו מיך ענדליך לאזען מיט מיין שיקזאַל, גרוויזאם, שווער ?"
און די ראב שרייט : „קיין מאל מעהר".

„נביא, מאַך מיך פריי פון צווייפעל ; נביא, מלאך, שד, צו טייפעל,
איך בעשווער דיך ביי די הימלען, ביי דעם גאט, וואס איבער אונז ;
זאג מיר ; וועט מיין גייסט, פולליידען, ווען בעגעגנען אין גן-עדן
יענע הייליג שעהנע מיידעל, יענע הימלישע לענער ?
וועל איך, זעהן נאך מיין געליעבטע, זאג מיר, נביא, זאג, ערקלעהר ?!"
און די ראב שרייט : „קיין מאל מעהר".

„זאל דאס זיין דער לעצטער ליגען" ! האב איך וויטהענד אויסגעשריגען,—
„קעהר צוריק זיך אין דער נאַכט, אין דעם נאַטירליך-שוואַרצען תהום !
לאז קיין פעדער דא, קיין שוואַרצען, — צייכענס פין דיין פאַלשען האַרצען —
רייס ניט אויף דאס אַלטע שמערצען, אַלטע וואונדען, נאָג נישט זעהר ;
ציה אַרויס דיין שאַרפען שנאבעל פון מיין בוזעם ליידענד שווער !"
נאר די ראב שרייט : „קיין מאל מעהר".

און די ראב, זי זיצט נאך אימער אין מיין דונק'לען, פוסטען צימער,
אויבען אויף א ביוסט פון פ אַ ל ל אַ ס *) ביין געזימס הויך אויף מיין טיהר,
און די אויגען איהרע ווינקען גרויליך, שפריצענדיג מיט פונקען,
וועלכע ווערען גלייך דערטרונקען אין דעם שאטענדיגען מעער.
און מיין שאָטען, וועלכער פלאַטערט אין דעם חשך, טיעף און שווער —
שטייגען זאל שוין קיין מאל מעהר !...



# בריעף פון נויארק.

אין די ראַדיקאַל-פּראָגרעסיווע יודישע צייטונגען אין נויאָרק איז אָבגעדרוקט די לעצטע טעג דער פאָלגענדער אויפרוף. איך ברענג איהם דאָ וואָ-ט אין וואָרט.

## פון פאלק צום פאלק

### פרינציפען ערקלעהרונג און פראגראם פון דער „אידישער ליטעראטור פעריין" אין ניו-יארק.

דער „יודישער ליטעראטור פעראיין" קוקט אויף די יודישע פאָלקס-שפּראַך נ"ט ווי אויף א זשארגאָן אָדער ווי אויף א דערוויילינ מיטעל, איינציבריינגען בילדונג צווישען די יודישע מאַסען, נ'ר ווי אויף א זעלבסטשטענדיגע נאַציאָנאַלע שפּ-אַך, וועלכע דאַרף ווערען די ליטעראַטור-שפּ-אַך פין דעם גאַנצען יודישען פאָלק.

דאַריבער שטעלט זיך דער „יודישער ליטעראטור פעראיין" פאַר זיין ציעל צו פעראינטערעסירען אַלע טהיילען פין דעם יודישען פאָלק מיט אונזער שפּראַך און אונזער ליטעראַטור. דעם דאָזיגען צוועק גלויבט דער פעראיין צו דערגרייכען דורך די מיטלען :

א) אָבהאַלטען אָפטע פאָרלעזונגען איבער דער יודישער שפּ-אַך און ליטעראַטור.

ב) איינפיהרען פון צייט צו צייט דעבאַטען איבער די בעסטע און די נייעסטע שריפטען אין דער יודישער ליטעראטור.

ג) מאַכען וואָס עפטער ליטעראַרישע אבענדען אין וועלכע דער עולם זאָל האָבען די געלעגענהייט בעקענט צו ווערן מיט די בעסטע ווערק פון אונזערע שרייבער.

ד) גרינדען און אויפהאַלטען אַ אידישע ביבליאָטהעק אין לעזע צימער.

ה) שטיצען די פּרעסע, וואָס גיט זיך אָפּ מיט גוטע ליטע-אַטור.

ו) אַרבייטען פאַר די יודישע פאָלקלאָרע, ד. ה. אַרויסגעבען זאַמלונגען פון פאָלקס ליעדער, פאָלקס מעשיות, שפּריכווערטער, פאָלקס-וויצען. אַרויסגעבען אַ י ו ד י ש ע ג ר אַ מ אַ ט י ק און פאָרשונגען איבער דער געשיכטע פון דער יודישער שפּראַך, א. ז. וו.

ז) ארויסגעבען די ווערק פון די בעסטע יודישע שרייבער, און ווי אויך זאַמעל ביכער און צייט-שריפטען.

ח) זעהן, אז אַזעלכע פעראיינען ווי אונזערע זאָלען געגרינדעט ווערען אין אַלע שטעדט, וואו יודען געפינען זיך, און וואו זיי רעדען יודיש, און פערבינדען די אלע פעראיינען אין איין אלגעמיינעם פעראיין פאַר יודיש נאַציאָנאלע ליטעראַטור.

ט) נעהמען אויף זיך די איניציאַטיווע צו אַראַנזשירען אַ צוזאַמענפאָהר פון יודישע שרייבער פין דער גאַנצער וועלט.

חיים אַלעקסאַנדראָוו, אברהם ליעסין, דר. חיים זשיטלאָווסקי,
לעאָן קאָברין, מירים שמר, יהודה ליב כהן.
„רעדאַקציאָנס קאָמיטעט".

אין נעכסטען בריעף וועל איך די לעזער פונ'ם „יודישען וואָרט" מיטטהיילען די ערפאָלגען וואס דער יודישער ליטעראַרישער פעראיין מאַכט שוין. יעצט וויל איך נאָר בעמערקען, אַז די אללע ספיקות און פעסימיסטישע בליקען, בנוגע דער יודישער שפּראַך אין אמעריקא, נאָך דיעזען, פון די וויכטיגסטע יודישע דיכטער און שריפטשטעלער אונטער געשריעבענעם אויפ-וף. שיינען גענוג פאַלש און לעכערליך, די יודישע שפּראַך און אויך ליטעראַטור אין אמעריקא האָט אגרויסע צוקונפט. —

ווילהעלם אַדלער.



# פון וואס ווערען בעשאפען אידעען ?

פון ל. קרזשיווויצקי.

איבערזעטצט פון ד. דרוק.

---

(פאָרטזעצונג).

אַמאָליגע יאָהרען האָט מען וועגען פריי-האַנדעל אַפילו אַ וואָרט ניט דערמאַהנט. די דייטשע געמיינדע און די באַראָנישע שלעסער האָבען דאָס אויף זייער לעבען ניט געזעהן און זיי האָבען איבערהויפּט ניט פערשטאַנען וואָס איז דאָס אַזוינס פערזענליכע פרייהייט. יעדערער, האָט נאָך זייער מיינונג, געדאַרפט זיין אַבהענגיג פין אַ העכערן, אויב

---

*) די גריכישע געטין פון חכמה.

ער האט נאר געוואלט מיט אלעמען לעבען בשלום. די אויקציאנען וואס פאנגען אן אריין צו קומען אין די שטעדט, ארבייטען ביסלעכווייז איבער זייער מוח און הייבען אן צו בעגרייפען די פרייע פערזענליכע טהעטיגקייט. ס'פערשטעהט זיך אז דער פערקויפער און קויפער האבען געמוזט האבען פאלשטענדיגע פרייע טהעטינקייט, וועניגסטענס ענטקעגען די סחורה. נאכ'ן ערד נאך ווי עס וואקסען די שטעדט, בעקומען אליך מעהרערע גרופפען, צוליעב דעם שטעדטיגען האנדעל און פרנסה, די זעלביגע פרייע טהעטינקייט און פארברייטערען ממילא זייערע פאדערונגען אויף אללע איבעריגע זאכען פון לעבען. אין גלייכער צייט ערשיינט דאס פארמעגען אלס אפראדוקט פון פערזענליכע טהעטיגקייט. און די יעניגע, וואס זענען רייך געווארען דורכ'ן איגענעם שכל, הייבען שוין אן איין צוארדנען זייערע גיטער ניט אזוי ווי אין דער געמיינדע, ביי וועלכער עס פלעגט די ערד, אלס דער איינציגער פארמעגען, איבערגעהן בירושה נאך די מנהגים פון די „אבות־אבותינו" און אויף דעם גרונד פון דער געמיינדע ארדנונג. די סוחרים בעטען ביי די פארשטעהער פון דער פעאדאלער רעגירונג, מען זאל מעגען מאכען א צואה און מיט דער צייט בעקומען דאס זעלבינע רעכט אללע שטאדטלייט. צו דער קייזערליכער געריכטס בעהערדע געהערען נאר דענסטמאל די סוחרים אליין. אין א צייט ארום אז ס'האבען אנגעהויבען צו ווערען אויקציאנען אין יאהרמערק, איז די פריווילעגיע פארברייטעט געווארען איבער גאנץ שטאדט און, ענדליך, זענען שוין די קייזערליכע געריכטסבעהערדען געווא־ען אין שטאדט אויף שטענדיג. צום אנפאנג איז איבערהויפט די שטאדט בעשטאנען פון עטליכע אונאבהענגיגע איינער פון צווייטען קארפאראציאנען, פון וועלכע יעדע איינציגע האט זיך געדאט איהר איגענע בעהערדע: די פרייע מיטגליעדער פון דער געמיינדע האבען געהאט זייערע דארפס און נאציאנאל־רעכט, די האנדווערקער — זייערע שלאס געזעטצען, בעאמטע — שלאס און דיענסט רעכט און אלע צוזאמען די אלגעמיין געמיינדליכע. די קייזערליכע בעהערדען, מיט וועלכע עס בענוטצען זיך נאר די סוחרים אליין אין אויקציאנען צייט, שטויסען ביסלעכווייז ארויס די אלע אויסגערעכענטע בעהערדען און פון זיי הייבט זיך אן אליך ווייטער און ווייטער צו ענדערען. דערמיט וואס עס ווערט בטל די שלאס־פאליציי און די גאנצע שמירה מוז אונבעדינגט איבערגעטראגען ווערען אין שטאדט, ווער־ען ארויס גערופען אין לעבען נייע געזעטצען, וועלכע ווערען נאך דער ענטוויקלונג נאך אליך גרעסער און דאס פיהרט צו פארפאלשטענדיגען די גאנצע מסכת. די פריהעריגע ווערען בטל ומבוטל און עס קימען אן נייע, וועלכע הייבען שוין אנצונעהמען אפארמע פון אינזערע געריכטען, וואס דער סוף איז טאקע אזוי געוועזען.

די פרייהייט, וואס ס'איז געווארען צוליעב די אויקציאנען, ווערט גאנץ אפט אונטערדריקט און דאס האט אשלעכטע ווי־קונג. איינגעוואוינטע רעכטען פון דער געמיינדע, דער אינסטיטוט פון דער אלגעמיינער אבהענגיגקייט, די געמיינשאפטס פון פארמעגען, — דאס אלעס האלט אב דעם גאנג פון דער פראגרעסיווער ענטוויקלונג. קוים הייבט זיך נאר אן דער האנדעל צו פערגרעסערען און דאס „האנדעלס־רעכט" ווערט פאר אלע שטאדט בירגער (וואס בעווייזט, אז אללע בירגער הויבען אן צו נעהמען אנ'אנטייל אינ'ם פרייען האנדעל), הויבען שוין אן די אלטע מנהגים צו פערשווינדען. אלע בעקומען דאס פילע רעכט צו פערקויפען ערד און איבערהייפט די אייגענע אויסגעארבייטע פראדוקטען, עס הייבט אן צו ווערען פערזענליכע פרייהייט ניט אזוי ווי די פריווילעגיען פון די פעאדאלען און געבוירענע אריסטאקראטיע. מיידלעך בעקומען שוין נאך די עלטערן'ס טוידט אחלק ירושה, דאס פארמעגען פון מאן און ווייב ווע־ט אלגעמיין, אנשטאט וואס פריהער האט זיך יעדערער אבגעשטעלט פאר זיך. ס'פערשטעהט זיך, אז אזא צייט, אין וועלכע עס ערשיינען נייע בענריטע און מנהגים, בילדעט זיך אויס לאנגזאם. בעת די שטעדט בעשאפען אט די נייע אנשטאלטען טראכטען זי עס פון קאפ ניט אויס. דאס איז א סימן, אז ס'זענען שוין דא געניג ערפאהרונגען, אין די אלטעגליכע פראקטיק האט דאס גוט אויף געוויזען. אויף אזא'ן איפן, פארמולירען זיי די אלע רעכטליכע בעדערפניסען, וואס זיי פאדערען אין זיי בעקומען עס נאכהער בעשטעטיגט און אונטערשריעבען פון די קיסריים און פירשטען.

אזעלכע כתבים געפינען מיר שוין אין צוועלפטען און דרייצעהנטען יאהרהונדערט. אין פא־ן שטעדטישען לעבען איז דאס א נוטע־בייטיש נעגען די קרינע־ייען פון די געמיינדליכע געזעטצען. זיי אנערקענען פריי ציפערקויפען, דאס רעכט צו מאכען א צואה, און פרייע פע־בינדונגען וואס געהערט צווישען מאן און ווייב. די ענטוויקלונג מאכט אבער שטענדיגע שטרייטען צווישען די אלטע מנהגים און „די פאדע־ונג פון דער צייט". מען הויבט ביסלעכווייז אן, חאטש פון אנפאנג איז עס נאך ניט אזוי קלאהר, ריכטיג צו פערשטעהן און צו אפעריען מיט די בעגריפע וועגען בעוועגליכען און אונבעוועגליכען פערמעגען, וועלכע מען האט עס אליין אויסגעהארעוועט, אדער עס בעקומען פון א ירושה. עס ווערט הער געזעטץ איבער אפעקונעס איבער אונמינדיגע קינדער, און די פרויען בעקומען דאס רעכט אויף ירושה. עס בעסע־ט זיך מיט דער צייט אויס דאס פערזענליכע אין פאמיליען רעכט. וועגען אייגענע פערדיענטע, אין בעקומענע פון ירושה. ביי אלעם דעם ענטוויקעלט זיך אליך פא־ווע־טס. די ערשיינונג פונ'ם רעמישען געזעטץ ביך (און דאס גיט בעקאנט ווערען מיט איהם) האט זייער שטארק געווירקט אבציהאלטען דעם לעצטען נצחון פון די נייע בעגריפען און שטרעבונגען. דאס נופא ערקלעהרט אונז פאר וואס די רעמישע געזעטצען האבען זיך אזוי גיך פארשפרייט אויף דער וועלט — דאס איז דערפאר, וואס זיי האבען א־ום בעטראכט, בעארבייטעט און ארויס געזאגט אינ'ם געזעטץ, די אלע פאדע־ונגען, וואס זענען שוין גע־א־ען אינ'ם געזעלשאפטליכען לעבען פון אייראפא אונטער דעם אי״נדרוק פון עלעמענטארישע ערפאהרונגען. די רעמישע געזעטצען האבען מיט זייער בערידמטע חכמה פערניכטעט אלע הינדערניסע, וואס דער אלטער געמיינדליכער און לאנדווירטשאפטליכער ארדנונג וואלט שטערען געגען די הערשאפט פון די רעכטס־בעגריפען, וועלכע זענען בעשאפען געווארען אין שטאדט איבער דעם איינפלוס פון פרייען האנדעל.

מען דארף פון דעסטוועגען ניט מיינען, אז אויסער רעכטס־אידעען ערשיינען שוין אין די שטעדט גארנישט. עס קומען אפילו דא־טען אריין נייע עטהישע (מא־אלישע) בעגריפע אויך.

דער האנדעל מאכט אזא איבערדרעהעניש, אז ער בעשאפט אפילו נייע זיטען, וואס דער געמיינדליכער גייסט האט דאס ניט געקאנט בעגרייפען, און מאכט איבער די געגענזייטיגע סאלידאריטעט, וואס ס'האט געהערשט ביי די בארבארען. אין דער בארבארישע געזעלשאפטליכער ארדנונג האט מען דאס וואוכערען ניט געקאנט פערטראגען און מען האט עס געהאלטען פאר א פערברעכען. פערקעהרט, זעהט איהר, אין שטעדטישען לעבען ווערט שוין דאס פראצענט נעהמען א שטענדיגע, אנ'אלגעמיינע און א גאנץ „שענע", „מאראלישע" אונטערנעהמונג, און די שפעטעריגערע בירגערליכע פילאזאפען הייבען שוין אן אין רעם מנהג אויף צו ווייזען אז דאס איז א גאנץ געוועהנליכע ערשיינונג, וואס עס פאסט זיך צו מיט די פאדערונגען פון דער ריינער גערעכטיגקייט. די רויבעריי, וואס ביי די בארבארען איז דאס געוועזען דער בעסטער מקור פון רייכטום און גדולה, ווערט עס, ווידער, אין שטאדט דעם ערשטען מאל פערהאסט. די שטאדטלייט ווייזען אן אויף דעם פארמעגען וואס מען האט אליין אויף געהארעוועט אין אבגעשפארט. אויף אזא'ן אופן האט זיך אין די שטעדט דורך די רעאלע פע־העלטניסע ביסלעכווייז ענטוויקעלט דער גאנצער קאדעקס פון דער בירגערליכע עטהיק, ווי צ. ב. ש. די פערזענליכע אייגעננוטץ; די לעהרע פון עקאנאמישער זעלבסטהילף און שפארזאמקייט, און די געגענזייטיגע קאנקורענץ.

אפילו פערנעניגען און עסטעטישע געפיהלען זיינען אויך ניט קיין אויסנאהם. וועגען דעם ארום צו רעדען דייטליך איז נאטירליך ניט דא דער ארט. מיר קענען נאר בעמערקען, אז די שטאדט לייט הייבען עפעס אן צו פיהלען א פעראכטונג צו די גאנצע מיליטערישע העלדישקייט פון דאס ריטערטום, צו טורנירען און פע־ד יענע־יי. פערקעהרט מלער־נע־, ד. ה. מענשען פון גייסטיגע ארבייט, און יוריסטען ד. ה. מענשען וואס פערקויפען זייער רעדען ווי סחורה אויפ'ן מארק הייבען די בירגער אן צו פערעהרען אין גיבען זיי אב כביד. אפלינקער קאפ אין עניות האלט מען פאר די העכסטע גייסטיגע מעלות. דערפאר

וואס די אויפבלעבונגס עפאכע האט זיך דוקא אנגעהויבען אין די איטאליענישע שטעדט, זעהט מען ארויס, אז אזא פאקט ערשיינט ניט צופעליג, אז דאס איז נאר גאר פראסט א היסטארישע נויטוועגדיגקייט.

אין אונזער נאכפארשונג האבען מיר בעוויזען ווי אזוי די ענטוויקלונג פון די שטעדט ד. ה. אנגעוויססע צונויף זאממלונג פון פראדוקציאנס־קרעפטען האט געווירקט אויף פערשיעדענע טיילען פון רעכט, עטהיק און עסטעטיק, און ווי אזוי עס ערשיינען, איבער די דריקונג פון מאַטעריעללע בעדינגונגען און אנגעוויססע ארדנונג נייע מחלקות און פאַליטישע שטרעבונגען. מיר וואָללטען געקאָנט די זעלביגע פאסירונגען ערקלעהרען אביסעל ברייטער און דייטליכער, נאָר קיין גרויסע נייעס פון די אללע קליינינקייטען וואָלט אונז ניט ארויסגעקומען. דעריבער וועלען מיר זיך ש'ין בעגניגען מיט די זעלביגע. פון דעסטוועגען כדי צובעווייזען וואָס פאר ענדערונגען עס האָט ארויס גערופען די ערשיינונג און ענטוויקלונג פון די שטעדט אין דער גאַנצע פעאָדאלע געזעלשאפט וועללען מיר נאָך מוזען דערלייגען אייניגע ראַיות.

---

## III.

בעטראכטענדיג די שטעדט אַלס א גאנצעס, אבגעזונדערטעס האָבען מיר דערווילע ניט דערמאהנט איהר שייכות צו דעם גאנצען פעאָדאַליזמוס. די גאנצע צייט האָבען מיר זיך פערנומען מיט דעם געזעלשאפטליכען ענטוויקלונגס־גאַנג וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין שטעדט גופא, מיט די מחלקות, וואָס פלעגען דאָרט ארויסקימען און מיט די אידעען וואָס זענען בעשאַפען געוואָרען איבער דעם איינפלוס פונ'ם גאנצען מסחור. די איבעריגע זאַכען וואָס זענען דערנסטמאָל געבאָרען געוואָרען האָבען מיר ניט נאַכגעפאָרשט.

מען דאַרף ניט פערגעססען אז די שטעדט זענען ערשט דער אָנפאַנג און אקליינער טייל פון וואנען עס הייבט זיך אָן צו בילדען דער האַנדעל, וואָס ווערט ביסלעכווייז פערפלייצט איבער דאָס גאַנצע לאַנד. אז די רעמישע קעניגרייך איז אונטער געגאַנגען, איז שוין נאַכדעם ניט געבליעבען אפילו א סימן קולטור אין די ערטער, וואו מ'איז פריהער געשטאנען אויף אנאַנץ הויכע מדרגה פון דער ציוויליזאציאָן. אָט דאָ האָט זיך אָנגעהויבען א טומעל און אַרויך. איינער האָט זיך אָבגעטיילט פונ'ם אַנדערן, די כחות און שטרעבונגען זענען צו זייעט און צעשפרייט געוואָרען, שטענדיג קומען ארויס אונרוהען אין מחלוקת. הפקר'שאפט, דעספאָטיזמוס און נקמה. די גאַנצע בעפעלקערונג איז געוועזען צו־ווארפען איבער אַללע וועלדער און פעלדער, און די לאַנדווירטשאַפט איז געוועזען די בעלי־ביתטע. פראָדוקטען וואָס קומען פון אנדערע, ווייטע ערטער האָט מען נאָר געקענט געפינען ביי די פירסטען און בעאַמטע, דאָס גאנצע פאָלק האָט נאָר געלעבט פון לאַנד.

יעצט קענען מיר זעהן ביי וועלכע אומשטענדען עס ערשיינען די ערשטע זריעות, פון וועלכע עס בילדעט זיך נאַכהער אויס דער גאַנצער האַנדעל ווי מיר זעהען איהם היינט.

(פאָרטזעצונג קומט).



# דער אלוועלטליכער טויט.

(אַ נאַטור־וויסענשאַפטליכע סקיצע)

---

וואָס איז וואַרעמקייט?

אויף די פראַגע וועלען ענטפערען אַ גרויסע טייל מענשען: דאָס וואָס געהט אַרויס פון איין וואַרעמען קערפער און געהט אַריין אין אַנדערען קערפער, וועלכע דערווארעמען זיך.

אָט נעם איך צוויי פרענטען אייזען, וועלכע זענען נישט גליך אָנגעוואַרעמט. לעגט צו די פינגער צו ביידע פרענטען און זאָגט וועלכער איז וואַרעמער. ביידע וועלען אייך אָבבריהען די פינגער. צו קען מען פון דעם דרינגען, דאָס ביידע שטאַנגען זענען אָנגעגליהט? לאָמיר די שטאַנגען אַ־יין ווארפען איינעם נאכ'ן אַנדערען אין וואסער; איין שטאַנג מאַכט דאָס וואסער קאָכען, דער צווייטער פ־ירען. איין שטאַנג האָט 200 גראַד היץ, דער צווייטער 100 גראַד קעלט. פון דעסטוועגען ווירקען די ביידע שטאַנגען אויפ'ן מענשליכען קערפער גלייך: ביידע פערענדערען די מענשליכע הויט; די היץ דורך פערענדערונג דער פליסיגקייט אויף גאַזען, די קעלט דורך פערענדערונג דער פליסיגקייט אויף האַרטע קערפער. אייז צוזעצט די שטאַרקסטע באָמבעס, גלייך ווי די פאַרע פון וואסער.

דאָס נעפיהל פון וואַרעמקייט איז זעהר א שלעכטער טערמאָמעטער, אפילו אין די גרענעצען פון געוועהנליכע טעמפעראַטור. ווי באַלד מען וועט אָנגיסען צוויי כלים וואסער פון דער זעלבע טעמפעראַטור און מען וועט איינטינקען אין איין כלי א פינגער און אין צווייטען די גאַנצע האַנד, וועלען מיר פיהלען פון ערשטען וואַרעמער.

אפשר וועלען מיר זיך דערוויסען וואָס איז וואַרעמקייט, ווען מיר וועלען זיך צו קיקען ווי אַזוי וואַרעמקייט ווערט בעשאַפען.

ווי באַלד וואַרעמקייט איז „עפעס", מוז עס דאָך זיין אין האָליץ, וועלכעס איך פערברען, פונקט ווי וואסער אין אַ שוואָם? דריק צו די שוואָם, רינט אַרויס וואסער; פערברען דאָס האָליץ, בלייבט אַ ביסעל אַש און דאָס איבריגע ווערט פערענדערט אין וואַרעמקייט... לויט דיעזען מיינונג קימט אויס, דאָס די וואַרעמקייט איז אַזא מין נישטזעהענדע פליסיגקייט, וועלכע שווימט פון די וואַרעמע קערפער צו די קאַלטע, ווי וואסער פון דער שוואָם. אַ זוי האָבען ערקלעהרט דעם עיקר פון וואַרעמקייט די אַלטע פיזיקער. יעדער קערפער, לויט זייער מיינונג, האָט אַ עלעמענט (גרונדשטאָף) וועלכער רופט זיך פלאָגיסטאָן.

אבער די נעניע פאָרשונגען האָבען בעוויזען די אונגרינדליכקייט פון דיעזער טעאָריע. לאָמיר אַנידער שטעלען אַ ליכט אין אַ סלוי און אָנצינדען, אָבער אזוי, דאָס די גאַזען זאָלען נישט קענען אַוועק פליהען. ווען דאָס ליכט האָט זיך אויסגעברענט, לאָמיר אבוועגען, וועט דאַנן די געוויכט זיין שווערער ווי פריהער, ווייל צו די איבריגע עלעמענטען האָט זיך פעראייניגט זויערשטאָף, ווען עס וואָלט אין אמת'ן געוועזען אין ליכט אַ מין פלאָגיסטאָן, וואָלט נאָך דעם ברענען געוואָרען נישט שווערער, נאָר גרינגער.

די וואַרעמקייט איז נישט קיין מאַטעריע, נאָר אַ געוויסער מין בעוועגונג.

די בעוועגונג איז אַ פראָצעס, איין ענטוויקלונג, ווי לאַנג עס עקזיסטירט אויף אונזער ערד, אויף דער זון, אדער אללוועלטליכהייט, וואַרעמקייט, קען זיך דאָס לעבען ענטוויקלען. אָהן וואַ־עמקייט וואָלטען געבליעבען שטעהען אלע יענע קליינע טיילכעלעך פון מאַטעריע, פון וועלכען בעוועגונג איז אלעס אנבעלאַנגט. דורך דעם איז פאַר אונז אמוויכטיגסטען די פראַגע: ווי גרויס איז דער זאַפאַס וואַרעמקייט.

איידער מיר וועלען זיך נעמען צו דער פראַגע, מוזען מיר פריהער ענטפערען אויף פראַגען אַנדערע וויפיל וואַרעמקייט ענטהולט אונזער זון, וועלכע איז דער גרונד פון וואַרעמקייט? צו די זון ווערט קעלטער אָדער וואַרעמער? ביי וועלכע טעמפעראַטור ווערען די הימעל־קערפער געטויט? צי אין אַלגעמיין קען אַ קערפער ווערען מיטעל־מעסיג וואַרעם, אָדער מיטעלמעסיג קאַלט?

אויף די לעצטע זעהר וויכטיגע פראַגע איז דאָ נישט קיין שווערער ענטפער: די טעמפעראַטור פון קערפער ווערט געמאָסטען לויט די בעוועגונג פון די טיילכלעך (מאָלעקולען). וואָס גרעסער עס איז די בעוועגונג פון די מאלעקולען אַלס גרעסער איז די טעמפעראַטור. אויף די אויבערשטע איז נישטאַ קיין שום גרענעץ, ווייל פאַר די מאָלעקולען שטעהט אָפען די גאַנצע אללוועלטליכקייט. מיר קענען זיך דאַנן פאָרשטעלען אַ קערפער פון מיליאָנען גראַד היץ. אנדערש איז מיט דער אינטערשטער גרענעץ פון דער טעמפעראַטור. זי ווערט דאַן ערייכט, ווען די טיילכלעך קענען שוין נישט מאַכען קיין שום

בעוועגונג ד. ה. ווען זיי בענעגנען זיך. מען האָט געקענט אויסרכענען די אינטערשטע גרענעץ. זי ענטהאַלט 273 גראַד. דאָס איז די טעמפעראטור פון איין אבסאָלוטער נול. אַנידריגערע טעמפעראטור איז נישטא. אַקערפער וועלכער האָט אטעמפעראטור פון 273 גראַד איז אָהן אויסנאַהם האַרט, נישט דורכזיכטיג, אָהן בעוועגונג, ווייל אַפילו די פאַלעס פון עטער (ליכטינקייט, מאגנעטיזם, עלעקטריציטעט) קענען נישט דורך איהם דורך דרינגען. ער איז נישט שפּיערהאַפט, נישט אויף ליכטיגקייט, נישט אויף עלעקט־יציטעט, נישט אויף כעמישע טהעטיקייטען; אזא קערפער איז טויט.

ביז יעצט איז גראָטען צו בעניצען אזא נידריגער טעמפעראטור. די גאָר נידריגסטע וואָס איז ביז יעצט בעקאַנט איז 250 גראַד. נידריגער האָט מען נישט געקענט און מען וועט אפשר שוין נישט קענען דער גרייכען. אַלע פיזישע טהעטיקייטען ווערען וואָס מעהר פויל, טייל מאָל שטעהען זיי אין גאַנצען אָב. ווי צום ביישפּיל, אַלע אונזערע בעקאַנטע כעמישע טעטיגקייטען; נור איין געהיימער עלעמענט ראַדיום radium הערט נישט אויף זיין טהעטיגקייט.

די מיטעל מעסיגע טעמפּעראטור, ביי וועלכע עס ענטוויקעלט זיך דאָס לעבען אויף דער ערד איז נישט העכער ווי 300 גראַד איבער׳ן אבסאָלוטען נול. מיר האָבען נישט קיין העכערען קאַפּיטאַל ווי 300 גראַד היץ. ווי באלד מיר ווילען אַ קלעהר טוהן דאָס די אַלטע טעמפעראטור פון דער ערד איז געווען 3000 גראַד, ווילען מיר קומען צום איבערציינונג, דאָס יענע גרויסע קאסע, פון וועלכע די ערד בעדעקט אַלע איהרע אויסגאַבען, ווערט אויסגעשעפּט.

צו די סומע ווערט נידריגער, נידריגער? צי די מיטעלמעסיגע טעמפעראטור פון דער ערד און זון ווערט נידריגער? גענען אַלע גענויע בעמערקונגען אין אויס עכוננען, האָט מען דאָס עקספּרימענט׳ש נישט געקענט בעשטימען. און עס איז גאָר קיין וואונדער נישט, ווי באלד מיר ווילען בעמערקען דער קורצען פעריאָד צייט, וואָס מיר האָבען צו דער דיספּאָזיציאָן (ענטיילונג, איינאָרדנונג). נישט ווייניגער איז זיכער דאָס מיר דערנעהנטערען זיך צו יענעם צושטאַנד, אין וועלכען יעדע בעוועגונג שטעהט אָב, וועלכער איז דער אללוועלטליכער טויט.

שרעק זיך אבער ניט — עס וועט ניט אין אונזערע אין אפילו ניט אין אונזערע אוראייניקלי׳ס צייטען געשעהן...

באַרבייט נ. ק.



# נייע בריוולין.

IV.

אל תאמין בעצמך עד יום מותך. נאָך פאַר פיער וואָכען, אז איינער וואָלט קומען צוגעהן און מיר זאָגען, אַז איך וועל היינט שטעהן דאָ פאַר אייך און האָבען מיט אייך אַ ויכוח, וואָלט איך גע־מיינט, ער רעדט פון חלום, — מוז זיך מיר פאַרגליסטען אייך שרייבען אַ בריוועל און דערנאָך נאָך אַ בריוועל, ווי זאָגט מען עבר ושנה נעשה לו כהיתר.

שולדיג זענט איהר אָבער אַליין, וואָלט איהר ניט געווען גע־דרוקט, וואָס איך האָב אייך געשריעבען, וואָלט איהר אייך געקענט טהון אייערס ווייטער און איך אַליין וואָלט אויך פערגעסען אין דעם, וואָס מיך האָט דאַמאָלס בעריהרט. איהר קענט אַ יודען. שבת טהוט מען אַ קוק אין אַ ספר און מען איז דאַכט זיך, אַ שטיקעל רוחניות, קומט שבת צו נאַכטס, נעמט מען די קאַלטע שליסעל און מען געהט אין קלייט אַריין... וואָס זשע טהוט איהר? ניט נור איהר האָט אַלעס אָבגעדרוקט מיט הויט און ביין, וואָס איך האָב אייך געשריעבען, איהר האָט זיך גענומען מיר ענטפערען און ניט נור איינמאָל, צוויי־מאָל, אין צווייען איז שטאַרקער, און ניט נור איהר אַליין, בן־מיכל ענטפערט אויך און בן קלמן וועט אויך קומען. אויב אַזוי שטעהט עס מיט מיר, מוז איך מיך צוגאַרטלען, נעמען דעם שטעקען און די פאַרטשילע אין דער האַנד. מען רופט מיך צום בית דין!

יאָ ר׳ רייזען, איך וויל מיט אייך האָבען אַ דין תורה, אַ׳ן אמת׳ען דין תורה און ניט קיין פשרה פון׳ם רב, ווי געוועהנליך, אַכי נלאַט מאַכען. איך האָב פיינד פשרות, ווי א יוד האָט פיינד חזיר.

---

איך וויל אייך עפּיס זאָגען. אַשטייגער אַז איך זיץ מיר אין שטוב און טהו אַ קוק, דאָ איז עפּיס צערבראָכען, דאָ־ט פעהלט עפּיס, יענץ איז נאָך ניט אַקוראַט, האָב איך דאָס אַלץ אין זינן. קומט צו מיין מיידעל און זאָגט, טאַטע די שיך זענען צעריסען. זאָג איך, מען מוז אַריבער שיקען צום שוסטער, ער זאָל לייגען נייע פּאָדעשוועס. קומט צו מיינע און זאָגט, מען מוז האָבען נייע שיך, אַ קינד, ס׳וואַרפט אַריין... זאָל זיין נייע שיך. און וויל די טאָכטער מיינע שיינע שיך מיט קנעפּליך, גיב איך אין דעם אויך נאָך. דאָס וואָס אַ מיידעל האָט ליעב שיין, מוז דאָך אַפּנים ליעגען אין דער טבע, גראָד אזוי, ווי אַ יונגעל האָט זיך ליעב צו באָרען. — און איך אַליין, אַז איך טרינק טהיי, וויל איך, אַז דאָס גלאָז זאָל זיין אויסגעוואַשען, און דער סאַ־מאָוואַר, וואָס שטעהט אויף׳ן טיש, זאָל שפּיגלען. פאַרקעהרט איך האָב הנאה, אַז דאָס האַנדטוך איז ווייס און אז די קאַפּאָטע איז ריין און אז מען טהוט אָן א ווייס העמד, איז אויף איינעם ווי א נייע הויט.

ס׳איז דאָ ברויט און קוילטש און האָטש מען איז פון ביידע זאט, האָט דאָך קוילטש, פריש געבאַקען. אז ער קומט ארויס פון אויווען, גאָר אַ׳ן אנדערען חן, שוין דאָס קוקען אויף איהם, ווי עס געהט נאָך פון איהם די פּארע, גיט צו עפּיס צום האַרצען. און דער חלוק פון דעם ביז שוואַרץ ברויט איז דער איינענער, ווי ווען מ׳טהוט א קוק אויף אונזער שעהנע כלה, אָנגעטהון אין ווייסען און גאָר וואָס פון דער חופה און דערנאָך אויף אַ יודענע פון פערציג יאָהר, וואָס שטעהט אין קעך פאַ׳חושך׳ט און מאַכט כשר דאָס פליייש.

איך זאָג דאָס אַלץ געגען דעם, אז איהר זאָלט ניט מיינען, אז מיר זענען עפּיס פון דער מדבר. אפילו א פערד פערשטעהט אויך דעם חלוק פון זומ־ערלעב, אז ס׳איז אײנגעשפּאַנט אין א גוט וועגעלע און עס געהט זיך מחיה׳דיג צווישען די פעלדער קאָרען און ווייץ און רעטשקי מיט אַלע רוהות און פון ווינטער, ווען ס׳איז קאַלט און נאַס און מ׳איז איינגעשפּאַנט ביי יעקיל בעל־עגלה און מען מ׳ז שלעפּען דרייסיג פאַרשווינען...

אָבער ווען איז דאָס אַלץ גערעדט געווען, אז מ׳לעבט און מ׳קען לעבען, אַז מ׳האָט האָטש איין ווינקעל און מ׳האָט וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרען. געהט מען אבער אַרום אין די הייזער, אָב־געריסען און אָבגעשליסען, און מע מוז נעכטיגען אין קלויז אויף דער האַרטער באַנק, און אויף דעם קנייטשט זיך אויך דער שמש און דער גבאי איז גאָר מלא רציחה... אוי, איז ביטער און פינסטער... וואָס, איהר ווילט נעמען אַ יודען, וואָס האָט ניט קיין העמד אויפ׳ן לייב און איהר ווילט איהם געבען צו פערשטעהן, אַז זאגען איז בעסער פון לייוענט און, באַטיסט איז נאָך בעסער. איהר ווילט נעמען אַ מענ־שען, וואָס האָט ניט אַמאָל טרוקענע אָנוטשעס, און ווילט איהם דרשה׳נען פון זיידענע זאָקען און נאָך געבען צו פערשטעהן, ווי אַזוי מ׳דרעהט אַזעלכע זאָקען און ווי אַזוי זייד ווערד געצויגען.

די מאַמע געהט אַרום מיט חלשת הלב, דער פאַטער האָט קיין האָר ניט אויפ׳ן קאָפּ, די שטוב איז אויסגעדונגען, אָט אָט מוז מען נעמען אַלע זיעבען זאַכען און געהן, געהן, וואוהין? וואוהין לאָזט מען אַצינד אַריין אַ יודען? און דו, טאָכטערוניע, ווילסט האָבען אַצינד שיך מיט קנעפּליך און זאָלען לייכטען ווי שוואַרצע קרעלען. — קיינמאָל איז אונז ניט געווען אַזוי שלעכט, ווי היינט. וואָרים דער חזוק איז קיין חזוק ניט און דער האַלט איז קיין האַלט ניט. אויסגעשטאָרבען זענען אַלע זאַכען, וואָס זיי זענען געווען אַמאָל און מ׳געהט אַ־ום נאַקעט און באָרוועס, הן אין גשמיות הן אין רוחניות. פאַר וואָס זאָל מען עס לייקענען? און איהר קומט צוגעהן מיט מעטער־לינקען און

מיט עלען קיי, און אויף דעם זאָגט אייך אייערע „אמונת חכמים“, אַז דאָס איז יודיש און דאָס דאַרפֿען מיר אַצינד צו האָבען. וואָרים ווען ניט זענען מיר חוטא בעגל.

איהר פֿערשטעהט, פּריצים זענען מיר אויך געווען אַמאָל. ווי זאָגט מען כל ישראל בני מלכים הם. אין פֿיינד האָבען גוים האָבען מיר אודאי ניט. און אַז איינער קומט פֿון זיי צוגעהן אונז עפּיס זאָגען, טון מיר איהם ניט אַ פֿרעג: אחינו אתה? דאַוואַי פּאַספּאָרט... אָבער ס'איז דאָ אַ צייט, אַזוינע זאַכען געהן לחלוטין ניט אין קאָפּ אַריין.

---

V.

איהר האָט שוין פֿון מיין פֿירטען בריוועל געזעהן, ווי אַזוי איך בין מיט אייך מחולק און איך זאָג מיר, צוערשט ברויט מיט זאַלץ און דערנאָך ברויט מיט פּוטער און דערנאָך, אַז גאָט וועט העלפֿען אַביס'ל יאַך, צי גאָר אַ הינדעל, ווי די מאַמע האָט עס געהאַט, און דערנאָך אַז איהר ווילט קענט איהר צושפּיעלען. מבינים זענען מיר אַביסעל, אַז דער קאָפּ איז רוהיג און מיר ווייסען ביי אַ גלעזעל וויין אויך דעם חילוק פֿון ארור המן ביז ברוך מרדכי. —

נור וואָס דען, איהר זאָגט ביידע אין איינעם, אין איין האַנד האַלטען דעם „זאַסטופּ“ און גראָבען אויף פּרנסה און אין דער אַנדערער האַנד — דעם שמיטציג, דאָס איז אייער פּשרה. זאָג איך מיר, אַז אויב אַזוי, וועט פֿון ביידע ניט אַרויסקומען, הן אין שפּיעלען הן אין גראָבען. ווער שמועסט, אַז ס'איז אַ סברה, אַז ביי אונז זענען פֿערהאַן מענשען, וואָס אַז זיי האַלטען אין איין האַנד דאָס און אין דער אַנדערער יענץ, זענען זיי זיך טועה און ווילען גראָבען מיט'ן פּיעדעל און שפּיעלען אויפ'ן זאַסטופּ. מילא ניט דאָס בין איך אויסען.

וואָס איך האָב אייך אין דעם בריוועל פֿון אַצינד געוואָלט זאָגען איז דאָס, אַז די אייגענע קשית, וואָס איהר פֿרעגט אויף לשון קודש, קען מען פֿרעגען אויף יודיש. אַוודאי מוז מען לשון קודש אויך ערשט אויסלערנען, ווען מ'זאָל דאָס פֿערשטעהן. אין דער קאָפּ דאַרט גענוג צו צאָהלען שכר למוד. און דער יונגערער מיינע־ מוז זיך מוטשען מיט'ן פּסוק און מיט דער גמרא און היינט איז גאָר דאָ דקדוק אויך, אַ סדרה פֿון צעהן יאָהר בהתמדה פֿאַר אַ אינגעל, וואָס וויל זיך אויסלערנען גוט לשון קודש, אַז ער זאָל קענען ליינען און פֿערשטעהן. און האָט ער זיך דאָס שוין אויסגעלערנט און לעזט שוין אויך צייטונגען און ביכלעך, טראָגט ער דאָס ביי זיך אַרום, ווי אין אַ פּישקעלע, וואָרים רעדען קען ער ניט אין דעם, ניט אין קלויז. ניט אויפ'ן מאַרק און מיט גוים אַוודאי ניט. און אַז איינער קען היינט לשון קודש איז, ווי איינער שפּאַרט זיך אָב פֿון מויל און לעגט אַוועק אין אַ זייט. — און פֿינדעסטוועגען טהוט מען עס, מ'ציעהט זיך דעם מאַרך פֿון די ביינער און מ'טהוט עס. מ'איז פֿאָרט אַ יוד און לשון קודש איז ניט קיין פּראָסטע זאַך ביי יודען...

איך ווייס ניט, אויב איהר זענט אַ חסיד. ביי אונז דערצעהלט מען זיך, אַז דער רושזענער זכרינו לברכה האָט געזאָגט אויפ'ן פּסוק: כי לא יראני האדם וחי והאי לישנא: דעם טעם פֿון'ם גאַנצען האָט אפילו משה רבינו ניט געוויסט און אַביסעל ווייסען מיר אויך. — דער ענין פֿון לשון קודש ביז אונזער אימה איז אַזאַ זאַך, וואָס קיינער קען דאָס ניט דערגעהן ביז אין גרונד. אַביסעל ווייסט יעדער, חאָטש ער איז ניט פֿון די בראָדער חכמי הקלויז. דאָס פּינטעלע יוד פֿיהלט איטליכער, און האָטש איהר זענט שטאַרק אין כעס און ווינשט דעם גאַנצען לשון קודש דעם לעכטיגען גן־עדן און זאָגט, אַז דאַמאָלס וואָלט אייך אַסך נעווען קלאָרער פֿאַר די אויגען, — וואָלט איך געמעגט שווערען, אַז ס'איז דאָ צייטען אין ס'איז געווען צייטען, וואָס איהר האָט געלייענט אַ לשון קודש דיג בוך און ס'איז אייך געגאַנגען און האַרצען אַריין. און נאָך מעהר, חאָטש איהר זענט, ווי עס ווייזט אויס, אויף ביאַליק'ן להרג ולאבד און די „יודישע ענציקלאָפּעדיע“ איז ביי אייך לעילא ולעילא, ווייס איך געוויס, אַז בשעת יודען זענען געווען שרוי בצער פֿון קעשינעוו און ס'איז געווען, ווי מ'זאָגט, „דם שוחת“ וואָלט איהר דעמאָלט געשענקט הונדערט ביכלעך פֿון דער ענציקלאָפּעדיע פֿאַר איין בלעטיל „משא נמרוב“, אי פֿאַר וואָס האָט מען דאָס געשריעבען אויף לשון קודש און ניט אויף יודיש? פֿאַרקעהרט, דאָס פֿרעג איך ביי אייך די קשיא...

וואָס מיר טהוט וועה, איז צו זעהען, ווי דאָס לשון קודש ברעקילט זיך. און חאָטש מ'רעדט ביי אונז אויך פֿון ציוניות און פֿון „תחתית הלאום“ שטאַרבט אָב פֿון דעם אַלע טאָג אַ אבר. —

אָבער טאָמיר מיינט איהר, אַז מיט דעם יודישען לשון, חאָטש אונזערע קינדער זייגען דאָס פֿון דער מוטערס ברוסט און קענען דאָס גלייך פֿערשטעהן נאָך איידער זיי געהען אין חדר אַריין און מ'בעראַף ניט ביי זיי בעטען רחמים, זיי זאָלען דאָס לערנען, — וועט עס האָבען אַ גרעסערען קיום, זענט איהר אייך טועה. איהר פֿערגעסט, אַז מיר זענען מיט'ן יודישען לשון אין איינעם אין גלות און אַז פֿון דעם אייגענעם טעם, פֿאַר וואָס אונזערע אבות האָבען אויפֿגעהערט צו רעדען לשון קדש, וואָס איז געווען זייער אייגענע שפּראַך, און האָבען געמוזט אָנהויבען רעדען אַנדרע לשונות, אָט פֿון אייגענעם טעם וועט דאָס יודישע קיין קיום ניט האָבען, אַז מיר וועלען יוויטער פֿערבלייבען אין דער פֿרעמד אונכלייבען זיצען אין שכנות...

און אַז מ'טהוט צוריק אַ קלעהר זעהט מען, אַז חאָטש יודיש אין לשון קדש זענען זיך ביי אייך דם שונאים, חאָטש איהר מיינט אַזוי, האָט דאָך דאָס יודישע געקענט האָבען אַ קיום נור אַ דאַנק דעם לשון קודש'ן, און איך וועל אייך ווייזען, אַז דאָס איז ניט אַזוי וואונדערליך.

אַז אַ אומה וואוינט זיך אויף איהר גרונד און רעדט זיך איהר לשון ביי זיך אין דער היים, איז אַזאַ פּשוט'ע זאַך אין [illegible] אין דער טבע, אַז מ'בעדאַרף גאָר ניט איבער דעם צו רעדען. אַביס'ל פֿריקרע אין שוין, אַז מ'איז כל ימיו אין דער פֿרעמד, ביי יענעם, מ'האַנדעלט מיט יענעם אין מ'לעבט פֿון יענעם און מ'האָט אייך יענעמס ממשלה און מ'רעדט זיך אויף זיין אייגען לשון און מ'האַלט אויף דעם ווי שטאָל און אייזען.

(ענדע קומט).

דער אייגענער.



# ליטעראַטור און קונסט.

---

שבת דען 25־טין פֿעברואַר, וועט פֿאָרגעשטעלט ווערען אויף דער קראַקויער יודישע ביהנע די קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט“ פֿון שלום עליכם. די שוישפּילער, מיטגליעדער פֿון היעזיגען פֿעראיין „בילדונג“, וואָס האָבען שוין, אויפֿפֿיהרענדיג די דראַמע געהעטשאָ פֿון הייערמאַנס און אַנדערע, געצייגט זייער טאַלענט, וועלען אויך די אָריגינעלע און גלענצענדע קאָמעדיע פֿון בעריהמטען „שלום עליכם“ וואַהרשיינליך נאָך פֿאָלקאָמענער שפּיעלען. עסאיז כדאי אין אַ יושר, אַז יעדער היענער, וואָס איהם איז טייער די יודישע קונסט, זאָל קומען אין יודישען טעאַטער, אום צוצוגעבען מוט די בעגאַבטע יודישע שוישפּילער פֿון פֿעראיין „בילדונג“, וועלכע צייגען אַרויס גרויס ליעבשאַפֿט און איבערגעבענהייט צו דער יודישער ליטעראַטור און קונסט.

---



Verantwortlicher Redacteur M. Fischer, Herausgeber A. Reisen. — Druck von Josef Fischer Krakau



# די אלגעמיינע
# יודישע ענציקלאפעדיע

„די אלגעמיינע יודישע ענציקלאפעדיע“ איז די ערשטע ענציקלאפעדיע, וועלכע ווערט ארויסגעגעבען אין דער יודישער שפראך, און דאס איז נאך אינזער מיינונג איינע פון די וויכטיגסטע בעדייטונגען פון אונזער ענציקלאפעדיע. נייע געדאנקען, נייע ווערטער, נייע ערשיינונגען ווערען צום ערשטען מאל ערקלערט, ווי ווייט מעגליך ענציקלאפעדיש. אויף אונזער מיטער־שפראך, איצט וועט יעדער פון אונזער גרויסער פאלקס־מאסע קענען בעקומען א ריכטיגען בעגריף וועגען אלע וויכטיגסטע זאכען אין דער נאטור און אין דער מענשליכער געזעלשאפט. נאך א גרעסערע בעדייטונג האט „די אלגעמיינע יודישע ענציקלאפעדיע דער מיט וואס אין איהר ווערט צום ערשטען מאל אין דער יודישער ליטעראטור צונויפגעקליבען, ווי ווייט מעגליך, אלע ידיעות. אלע ערשיינונגען פון דער געשיכטע פון די יודען אין אויסלאנד און בעזונדערס אין רוסלאנד. אזעלכע ידיעות בנוגע צו רוסלאנד מוזען צונויפגעקליבען ווערען פון פערשיעדענע ערטער, ווייל קיין אלגעמיינע געשיכטע פון די יודען אין רוסלאנד האבען מיר נאך עד היום ניט אויף קיין שפראך.

פיעל כחות, פיעל מיטלען, פיעל צייט מוז מען אוועקלעגען אויף ד ר יודישער ענציקלאפעדיע און מיר האפען, אז קיינער וועט אונז ניט חושד זיין, אז מיר זענען אויסען צו מאכען מיט דער ענציקלאפעדיע „גליקליכע געשעפטען“. נאר מיר זענען איבערצייגט, אז די גרויסע יודישע פאלקס־מאסע אין רוסלאנד וארט מיט אונגעדולד אויף וועלכע ס'איז מיטלען, וועלכע זאלען איהר בעהילפיג זיין אין איהר גייסטיגער ענטוויקלונג. און מיר ואלטען זיך געשעצט גליקליך, ווען אונזער ענציקלאפעדיע וואלט געבראכט האטש וויפיעל עס איז נוטצען דער אלגעמיינער בילדונג פון די רוסישע יודען.

---

## אין דער ענציקלאפעדיע ווערען געגבען בילדער, פאטרעטען און אויך געאגראפישע קארטען.

אין דער ענציקלאפעדיע נעהמען אנטהייל:

ש. בעלינקי, ד״ר י. בראנשטיין, ר. בריינין, אינזש. ב. גאליארקין ש. גינזבורג, א גרינער־לוריא, אינזש. י. דימשיץ, ד״ר ח. ד. הורוויץ מ. הורוויץ, ל. וויגאדסקי, ש. ווינער, ב. וועליקאווסקי, ח. זאקס, י. טעפליצקי. ד״ר י. טשערני, ד״ר פ. לאנדער, ד״ר י. לוריא, ל. לוריא, ד״ר י. ליאקומאוויטש, מ. לעווין, ה. מ. מייעראוויטש פ. מארעק, י. מארקאן, ד״ר ש. סקאמאראווסקי, ד״ר ה. עהרענבורג, ד״ר י. צייטלין, ד״ר י. צינבערג, י. קאצענעלסאן, אינזש. צ. קארא־באטשקין, ז. ח. ראבינאוויטש, א. ראגינסקי, א. שולמאן, ד״ר בן־ציון שיינין און פיעל אנדערע.

די ענציקלאפעדיע געהט ארויס העפטען־וויז צו 3 געדרוקטע בויגען.

אזעלכע העפטען וועט זיין אין גאנצען אונגעפעהר 30.

די פרייז פון יעדעם העפט 25 ק׳. מיט פארטא 30 קאפ

אדרעסע:

С. Петербургъ, Книгоиздательство „Лихтъ“.

די וואס אבאנירען זיך אויף אלע העפטען און טראגען אריין פאראויס 1 רובל בעקומען די 2 העפטען און צאהלען פאר די איבריגע צו 25 ק׳. מיט פארטא. און די לעצטע 2 העפטען בעקומען זיי אומזיסט.

---

## ה. יצחק דאם אין ווילנא

שטעפאן גאס נו׳ 5

נעמט אן אבאנענטען און פערקויפט איינצעלנע נומערן פון „דאס יודישע ווארט“.

---

## ש. פרידמאן

בוכהענדלער אין וויטעבסק.

נעמט אן אבאנענטען און פערקויפט איינצעלנע נומערן פון „דאס יודישע ווארט“.

---

## א. אינדיצקי

בוכהענדלער אין ביאליסטאק

נעמט אן אבאנענטען און פערקויפט איינצעלנע נומערן פון „דאס יודישע ווארט“.

---

## א. מ. הערצבערג.

בוכהענדלער אין ביעלא צערקאוו

נעמט אן אבאנענטען און פערקויפט איינצעלנע נומערן פון „דאס יודישע ווארט“.

---

מיר בעטען אלע אגענטען אין רוסלאנד, וואס ווענדען זיך צו אונז על פי טעות אין קראקוי וועגען דאס „יודישע ווארט“ צו ווענדען זיך צו אונזער איינציגען פערטרעטער פיר גאנץ רוסלאנד:

Я. Лидскій, Книгоиздательство „Прогрессъ“
Варшава, Налевки 32.

---

**Открыта подписка на 1905 г.**

*на посвященныя еврейской жизни, исторіи и литературѣ періодическія исданія*

## газету „ВОСХОДЪ“

## И ежемѣсячный журналъ „КНИЖКИ ВОСХОДА“

*Содегжаніе газеты: руководящія статьи по всѣмъ текущим вопросамъ еврейской жизни въ Россіи и за границей, хроника всѣх новѣйщихъ извѣстій, корреспоиденціи изъ провинціи и заграницы сенатская и судебная практика по еврейскимъ дѣламъ (сенатскі, указы), юридич. Безплатная консультація (отвѣты на юридическіе вопросы подписчиковъ въ особомъ отдѣлѣ), обзоры еврейской руской и польской печати, фельетонъ (разсказы и проч.), провинціальный отдѣлъ, критика и библіографія,*

*Подписная цѣна на „Восходъ“ съ „Книжкати Восхода“ 10 руб, въ годъ (допускается разсрочка: при подпискѣ — 4 р., къ 1 марта 4 р., и къ 1 іюля — 3 р.): на газету (безъ „Книжекъ“) 7 р, (въ разсрочку: при подпискѣ 3 р., къ 1 марта 2 р. и къ 1 іюля 2 р.)*

*„Книжки Восхода“ -- выходитъ ежемѣсячно въ размѣрѣ до 10 печатныхъ листовъ. Повѣсти и разсказы изъ еврейской жисзни стихотворенія и популярн научныя статьи по исторіи, литературѣ, религіи, философіи, критикѣ вопр. общественной жизни. Желая способствовать его широкомv распространенію, редакція установила отдѣльную подписку за крайне доступную цѣну 12 книгъ за 3 р. (съ перес.)*

*Подписавшісся на газету съ „Книжками“ получаютъ при Книжкахъ Восхода“*

*С. М. ДУБНОВЪ всеобщая исторія евреевъ, на основаніи новѣйшихъ научныхъ изслѣдованій, Кн. III: новое и новѣйшее время 1498-1900*

*ГЛАВНАЯ КОНТОРА „ВОСХОДА“ помѣщается въ С. Петербургѣ Лиговская, 36.*



אין גיכען וועט ערשיינען פון דרוק:

# די יודישע חרעסטאמאטיע

אין 3 אבטהיילונגען.

צוזאמענגעשטעלט פון אברהם רייזען.

נעגויער אין קינסטינע אנאנסען.

# קאטאלאג

פון דעם

## פערלאג „פראגרעס", ווארשא.

1) ב. פיינענבוים. „שטיינער וואס פאלען פון הימעל". אפאפילערע ערקלעהרונג ווענען מעטעאריטען, שטערנ־שנופען און קאמעטען . . . . . . . 10 ק'.
2) פ. שטרייסלער. „קולטור־נעשיכטע", פאפולער בעאר־בייט דורך א. ברעסלער . . . . . . 25 .
3) וו. קאראלענקא. „דער בלינדער מוזיקאנט" . . 35 .
4) ב. פיינענבוים. „דארוויניזמוס", אדער דארווין האט נעטראפען . . . . . . . . . 10 .
5) ל. טאלסטאי. „וועמענס גלויבען איז בעסער"? איבער־זעצט פון ה. וויכנין . . . . . . . 5 .
6) אברהם רייזען. „צייט־לידער". (מיט אפארווארט) 20 .
7) וו. גארשין. „די נעפאלענע פרוי". איבערזעצט פון ה. וויכנין . . . . . . . . . . 10 .
8) א. ברעסלער. „יוסף פערל". זיין ביאגראפיע, ליטעראריש און אלגעמיינע ארבייט . . . . . . . 10 .
9) ש. ל. הורוויץ. „בנימין פראנקלין", זיין לעבענס בע־שרייבונג און די בעפרייאונג פון אמעריקא . . . 20 .
10) ה. ט. באקל. „די געשיכטע פון דער ציוויליזאציאן א ענגלאנד", קורץ פאפולאריזירט דורך א. ברעסלער . . . 20 .
11) נ. רובאקין. „ווי לעבען די חיות"? (בילדער פון טהיר לעבען) . . . . . . . . . . 40 .
12) קוראטשקין. פפלאנצען־לעבען ווענען נעוואקסע . 30 .
13) סיפאווסקי. „סאקראטעס", דער גריכישער פילאזאף. 20 .
14) וו. ליבקנעכט. „דונגער און בליץ". איבערזעצט פון א. ר. . . . . . . . . . . . 15 .
15) א. באגדאנאוו. „עקאנאמישע לעהרע". (פאליטישע עקאנאמיע) בעארבייטעט דורך א. ש. זאקס . . 25 .
16) א. רייזען. „ערצעהלונגען און בילדער" . . . . 25 .
17) מ. גארקי. „חברים און דער לעזער". איבערזעצט דורך ד־ר א. מארקאוו . . . . . . . . . 15 .
18) א. יצחקי. „וואהין נעהען מיר"? . . . . . 3 .
19) שלום אש. „אין א שלעכטער צייט". (בילדער און ערצעהלונגען) . . . . . . . . . 30 .
20) א. באגדאנאוו. „די שקלאפעריי". (צווייטעס העפט פון די עקאנאמישע לעהרע) בעארבייטעט דורך א. ש. זאקס 15 .
21) נ. רובאקין. „די לעצטע ערפינדונגען". בעארבייטעט דורך ה. וויכנין . . . . . . . . . 10 .
22) יאהר־בוך „פראגרעס". אזשורנאל פיר ליטעראטור וויסענשאפט און קריטיק ערשטער בוך. רעדאגירט דורך אברהם רייזען . . . . . . . . . . 75 .
23) חי"ה זעלדעס. „ווינטער אבענדען", פאפולער וויסענ־שאפטליכע געשפרעכען . . . . . . . 25 .
24) קודריאווסקי. „אדם הראשונ'ס דורות", אדער די פאהר־היסטארישע צייט פון מענשען . . . . . 25 .
25) א. יצחקי. „ס. סמאלענסקין", זיין ביאגראפיע. . . 20 .
26) קאראבטשעווסקי. „ערצעהלונגען ווענען ווילדע מענשען, איבערזעצט דורך א. ברעסלער . . 10 .
27) יאנישעווסקי. „ווענען לופט". איבערזעצט דורך ד. פולס (ד. פינסקי) . . . . . . . . . 10 .
28) פאוולאוויטש. „ווי האבען מענשען געלעבט"? . 10 .
29) א. רייזען. „לידער פון לעבען" . . . . . . 50 .

אדרעססע פון פערלאג „פראגרעס":

Я. Лидскій, Книжный магазинъ, Варшава, Налевки 32.

די אלע וואס אבאנירען דאס „יודישע ווארט" אויף א האלב יאהר בעקומען די אלע ביכער פיר א העלפט פרייז.